# ערשטע בילד





**I am an Anarchist! Wherfore I will not rule,
and also ruled I will not be!**

**John Henry Mackay**




א שטילער פארכשופ׳טער אווגט.
טונקל.

אויף א בארג אין דער ווייטקייט, צווישן בוימער, וועלכע ווארפן גרויסע שווארצע שאטנס, מאלן זיך קאנטורן פון א קלויסטער.
גרויסע שטיינערנע קאלאנעס גיסן זיך צוזאמען מיט די סילועטן פון די בוימער, און אלעס איז ווי איינגעהילט אין א טונקל־בלויער דורכזיכטיקייט.
אונטער די בוימער שטייען גרויסע שטיינערנע בענק...
אויף איינער פון די בענק ליגט עמיצער.
ליגט אומבאוועגלאך, ווי צוזאמענגעגאסן מיט דעם גרויסן קאלטן שטיין.

זיין אויסגעצויגענער קערפער איז איבערגעדעקט מיט א גרויסן, שווארצן מאנטל און עפעס א מיסטישע געהיימניס ווייעט פון דער טונקעלער בילד.
פון אויבן, ווי פון א ווייטער, ווייטער הויכקייט, הערט זיך פלוצים א טיפער, טריבער קלאנג, גלייך ווי עמיצער, אדער דער ווינט אט א גלעט געטאן א גרויסן, מעכטיקן גלאק, און דער גלאק האט שטיל און טריב א זיפץ געטאן.
א שטילער קלאנג האט זיך אראפגעשוואומען פון אויבן און האט ארומגענומען מיט א זיסער פולקייט די בוימער, דעם קלויסטער, די שאטנס, און האט זיך צוזאמענגעגאסן מיט דער בענקענדער נאכט, וואס איז דורכגעדרונגען מיט מעלאנכאליע.

# „גלאָקן"

**און גלייך נאָך דעם ערשטן זיפּץ פון דעם גלאָק האָט אַ צווייטער, אַ טיפערער קלאַנג פאַרנאָמען די טונקעלהייט מיט פולע וויברירענדע כוואַליעס...**
**דערנאָך אַ דריטער, אַ פערטער, אַ פינפטער קלאַנג...**
פאַרטרוימט און לאַנגזאַם שווימען זיך כוואַליעסווייז די קלאַנגען און וועקן פאַרבעהאַלטענע שטימונגען אין דער טיפקייט פון דער נשמה.

ער הויבט זיך לאַנגזאַם אויף פון דער באַנק, ציט זיך אויס אין דער פולער הויכקייט און בלייבט שטיין אומבאַוועגלאָך.

דער מאַנטל פאַלט לאַנגזאַם פון זיינע אַקסלען, און אין דער טונקעלהייט פון דער נאַכט שיינט אַרויס זיין ווייס נאַקעט ליב, ווי אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע.

רעדט ווי פאַרחלום'ט:

. זינגענדע גלאָקן...
פאַרצויבערטע קלאַנגען...
לאָזן נישט שלאָפן...
וועקן.. רופן..
לאָזן נישט שלאָפן...

לאַנגזאַם גייט ער אַוועק און ווערט פאַרפאַלן אונטער דעם שלייער פון נאַכט.

איינציקווייז ווערן באַלויכטן די פענסטער פון דעם קלויסטער.

שטראַלן רייסן זיך דורך צווישן די טונקעלע אַלטע בוימער פאַרשאַרפן די שאָטנס, וועבן ווייס־שטראַלנדיקע פאָסן, ווערן פאַרשוואונדן, שמייכלען און ווינקען ווידער, ווי געהיימניספולע גייסטער וואָס האָבן זיך אַראָפּגעריסן צו דער פינסטערער ערד פון אַ ווייטן, ליכטיקן שטערן...

באָם — באָם — באָם...

קלינגען די גרויסע גלאָקן.

## מ. ניצים

**קליינע — קליינע — קליינע —**
**רייסן זיך אריין דינע קלאנגען פון זילבערנע גלעקאלאך.**

**שווארצע סילועטן און שאטנס שוועבן אין דער ווייטקייט.**
קומען נענטער, ווערן פארפאלן, קומען ווידער...
איינער, ווי פון דער נאכט אליין געשאפן, האט זיך אף א
באנק אונבאמערקט אראפגעלאזט.
נאך אים א צווייטער.
ביידע אין שווארצן.
רעדן לאנגזאם מיט לאנגע פאוזעס:

— באם — באם — באם — באם.
— באמקעסט נאך א פוסטן קלאנג.
— פוסטע קלאנגען, אבער שיינע...
— שיינע... בא...
— שיינע — זיסע — טיפע קלאנגען...
— קלאפן ציגן דארט אין קופער —
ווערן קלאנגען.
— רויטע גלאקן... רויטע קלאנגען..
הערסט זיי זינגען..
אט די קליינע,
יעצט די גרויסע...
באם — באם — באם —

א דריטער שאטן, ווי פון א ריזיקן בוים געבוירן
קומט צו נענטער.
רעדט צו ביידן:

— א שיינע נאכט.
טונקעלע בוימער, זיסע קלאנגען...
— ווידער קלאנגען — פוסטע קלאנגען...
— פוסטע קלאנגען ? ! רויטע קלאנגען...
— רויטע, געלע, ווייסע, גרינע ..
אלע קלאנגען פון דעם קופער.
— יא, פון קופער... אבער דאס איז דאך
פון אויבן...
עס קומט אראפ צו אונז, ווי בוואליעס.

ווי אַ טרוים צו אונזער זעלע...
און עס וועקט, און רופט און צויבערט,
און פאַרשפּרעכט אַזוי פיל גליקן...
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
— וואָס זשע לאַכסטו? פילסט ניט אפשר??
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

נאָך צוויי, און נאָך אַנדערע קומען צו גיין.
ווער עס זעצט זיך אויף די בענק, ווער עס ווערט פאַרשווינדן
אין די ווייטע טונקעלע טירן פון דעם קלויסטער.
אַלע מער און מער קומען צו גיין, און עס הערט זיך זייער
מורמלען, ווי דאָס רוישן פון כוואַליעס ביים ים.
צוויי:

— איז דאָס דער קלויסטער,
וואָס האָט אַמאָל אַזוי געשם'ט?
— דאָס איז דער קלויסטער,
— און ווי קומט עס, וואָס מ„קלינגט נאָך,
ס'איז דאָך ניט אַ קלויסטער מער.
— ס'איז אַ טעמפּל, וואו עס קומען זיך צוזאַמען
יונגע און אַלטע דיסקוטירן.
אַלע קינסטלער, אַלע דיכטער,
און די בעסטע רעדנער קאָנסטו
דאַ אין טעמפּל נאָר געפינען.
הערסט די קלאַנגען? רויטע קלאַנגען...
גרויסע גלאָקן!
אַלטע האָט מען לאַנג צובראָכן,
און די רויטע אויסגעגאָסן.
„רויטע גלאָקן" אַזוי רופט דאָס פאָלק
דאָס טעמפּל.
— שיינע, ווירקליך, שיינע קלאַנגען...

פאַרשווינדן צווישן די פאַרבייגייער.

צוויי אַלטע זעצן זיך אויף אַ באַנק.

— עפּעס פילט זיך... עפּעס פילט זיך

אין די קלאַנגען...
— עס דערמאָנט דיך... עס דערמאָנט דיך
אין דער יוגנד...
— ניט פאַר אונז די קלאַנגען, ברודער!
ניט פאַר אונז, די אַלטע...
עמיצער פון אונטן אַ בוים:
— פוסטע קלאַנגען...
אימער שיינע, פוסטע קלאַנגען...
די אַלטע:
— אַ, האָסטו געהערט דאָרט עפּעס
זאָגן איז דער פינסטער?
— איך האָב געהערט. עס איז פון יענע...
— פון יענע?.. די וואָס בונטעווען די יונגע?
— יאָ, וואָס בונטעווען די יונגע.

די לופט ווערט דערקוויקט פון ליידענשאַפטליכע, שטילע מוזיק קלאַנגען, וואָס ווערן צוזאַמענגעגאָסן מיט די גלאָקן קלאַנגען אין אַ שיינער האַרמאָניע.
אונווילנדיק דרוקן אויס די באַוועגונגען פון די מענטשן דעם ריטם פון מוזיק.
עס דאַכט זיך זיי טאַנצן און זיי טאַנצן ניט...

פרויען קומען.
רעדן זיס:
— הערט, ווי שיין עס שפּילט די מוזיק...
— הערט, ווי שיין די גלאָקן קלינגען...
— נאָר דער מענש קאָן שאַפן קלאַנגען
וואָס זיי וועבן אויס חלומות...
— קומט אין טעמפּל...
— קומט אין טעמפּל...
גייען צום טעמפּל.

אַן אַלטער אויף דער ערד אונטער אַ בוים.
רעדט צו זיך אַליין:
— די זעלבע גלאָקן... די זעלבע, ווי אַמאָל...
אָבער עפּעס נייעס הערט זיך

## אין די קלאַנגען.

די מוזיק שטאַרבט שטיל אָב.
די גלאָקן ווערן אויך פאַרשוויגן.
עס הערט זיך נאָר דאָס מורמלען פון מענטשן.
עמיצער שרייט ארויף:

— עי, אַלטער! קלינג! קלינג נאָך אביסל!

אַ צווייטער:
— דיין קלינגען פאַרשיכורט...
דיין קלינגען בעגייסטערט...

אַ דריטער:
— עס רופט צום לעבן!
עס רופט צום קאַמפּף!

אַ פירטער:
— קלינגסט דאָך אימער
ביז עס טאָגט שוין...

שטימען:
— קלינג! קלינג! קלינג דו אַלטער!
עמיצער אין דער פינסטער:
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
איר האָט גלאָקן — קעפּ פון קופּער!
צינגן בלייענע, נאַראַנים...
קאָנט איר קלינגען...
קלינגט זשע! קלינגט זשע!

אַן אַלטע שטימע פון אויבן:
— אימער קלינג איך. אימער קלינג איך...
איך שלעפּ מיט שטריק די שווערע צינגן,
און זיי קלינגען און זיי קלינגען...
באָם — באָם — באָם.
באָם — באָם — באָם!..

איינער:
— זיי בעגייסטערן — בעפליגלען...
עמיצער אין דער פינסטער:
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

## מ. גיציס

**די אַלטע שטימע פון אויבן:**

— אַלטע גלאָקן, אַלטע קלאַנגען...
פאַר אייך יונגע איז דאָס נייע...
ווייסע, שוואַרצע, בלויע, רויטע...
באָם, באָם, באָם! באָם — באָם!

**אַלע לוסטיק איינער צום צווייטן:**

— געהערט? געהערט?
— כאַ־כאַ! דער אַלטער! הערסט אַ רעדע!
— שניידט זיך אָפּ אַ פּילאָזאָף!
— טויב און בלינד... אַ גרויער הונט!
— כאַ־כאַ־כאַ!
— כי־כי־כי!
— איר מעגט שוין זען אמאָל אים לויפן!
ער לויפט געשווינד! אַ, אַ! אַ ווינט!
— ער ליגט דאָך, זאָגט מען, אימער אויבן,
דאָרט ביים זייגער אין דעם טורם...
— ס'איז אַ ליגן! אַ, ס'איז אַ ליגן!
— אַזאַ אַלטער! קאָן ער לויפן?
— ווי אַ ווינט, אַזוי געשווינד!
קיינער קאָן אים ניט דעריאָגן...
— ער קאָן ניט לויפן! ער קאָן ניט לויפן!
ער שטייט אין טורם דאָרט ביים זייגער.
— לאָז ער לויפן, לאָז ער שטיין,
וואָס גייט מיך אָן דער אַלטער ביין!
— ער קלינגט דאָך שיין!
אַ, וואונדער שיין!

**יונגער:**

— ווער דאָרף האָבן זיינע קלאַנגען...

**אַ צווייטער:**

— אָבער עפּעס מוז דאָך קלינגען!
דענקסטו אפשר, אַז דאָס לעבן
וועט פאַרבלייבן אָהן שום קלאַנגען,
און אַ שטילקייט וועט באַהערשן
אונזער וועלט און אונזער לעבן?

## „גלאָקן“

**דער יונגער:**

— זאָרג ניט ברודער! עס וועט קלינגען!
אָבער ניט קיין גלאָקן קלאַנגען,
קלינגען וועלן פרייע לידער!
הערצער וועלן קלינגען, ברודער!

**אַ דריטער:**

— אַלע מוזן מיר זיך דרייען,
ווייל עס דרייט זיך עפּעס דאָרט!
קלינגען גלאָקן — מוזן אַלע
הערן קלאַנגען — רויטע קלאַנגען!

**אַ פערטער:**

— אַלע זענען מיר צוזאַמען,
ווי די רעדער אין אַ מאַשין...
— און דו לעבסט ניט, ווי אַ פרייער,
מוזט זיך דרייען מיט אַלע גלייך,
ווען עס וויל זיך ניט אפילו,
ווייל עס טרייבט דיך זייערע מאַכט.

**אַן אַלטער:**

— דיזע מאַכט מאַכט אונז צום שאַפן!
מאַכט דאָס לעבן רוהיק, שיין!

**אַ יונגער:**

— אָבער, אַז איך וויל ניט
דרייען זיך מיט אַלע,
אָבער אַז איך וויל זיין איינער,
זיין אַ קראַפט פאַר זיך אליין!..
זיין פאַר זיך אַ גייסט באַזונדער,
ניט אַ רעדל אין מאַשין!
פרייע גייסטער וועלן קיינמאָל
זיין נעקינצלט און געבונדן!
מיט אַן אייניקייט, וואָס צווינגט זיי
צו פאַרלירן יעדנס „איך“.

**דער אַלטער:**

— דומער מענש! עס איז אונמעגליך!

דו וועסט אימער זיין אַ רעדל,
ווייל דו קאָנסט ניט אַנדערש זיין.
ווייל דו ביזט אזוי בעשאַפן,
און געבוירן פון נאַטור.

**דער יונגער:**

— דיין וועג פון טראַכטן איז אויך
מיט אַ מאַשין געגראַבן.
אַלעס פירט איר מיט איין ציל,
אַלעס פּראַקטיש אויסגעמאָסטן.
און איר לעשט אין זיך דאָס פייער,
וואָס עס ברענט פון דער נאַטור.
און די טרוקענע געראַנקען,
וואָס מ'פלאַנצט אין אייך, ווי בוימער,
זענען אימער אונבאַוועגליך;
שאַפן רעמען פאַר אייער לעבן,
און באַגרענעצן די ברעגן,
פון די שטראַמען, וואָס זיי טראָגן
אַלע יונגע צו דעם גליק...

**דער אַלטער:**

— אַ, זער שווער צו איבערצייגן
דעם, וואָס ליבט נאָר זיך אַליין,
און וואָס וויל דאָס לעבן טרינקען,
ווי אַ ברענענדיק געטראַנק.
לעבן הייסט ניט זיין אַ וואָלקן,
וואָס ער שוועבט זיך אָן אַ וועג,
און וואָס ווערט געטריבן אימער
פון דעם לייכטזיניקן ווינט.
לעבן הייסט — צוזאַמען שאַפן!
לעבן הייסט — דיין גייסט פאַרבונדן
מיט דעם גייסט פון יוניווערס,
און אין שאַפונג אייביק לעבן,
שטרעבן, זוכן אייביקייט.

**עמיצער** אין דער פינסטער:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

## „גלאָקן"

שאַפן, שטאַרבן, זוכן, לעבן!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

פון דער ווייטנס הערן זיך בעגייסטערטע שטימען פון מע־נער און פרויען.
אַלע לאָזן זיך לויפן אהינצו.
נאָר איינער בלייבט.
שטעט אנגעשפּאַרט אין אַ בוים.
אַ ליכטיקער שטראַל פון אַ פענסטער בעלייכט זיין שלאַנ־קע פיגור.

צי צוויי, צי דריי קומען באַלד אַלע צוריק.
איייניגע גייען צום טעמפּל, אַנדערע בלייבן.
זעצן זיך אויף די בענק אונטער די ביימער.
רעדן:

— מאַראַוו, מאַראַוו! האָט איר געזען?!
— זיי רעדן היינט! זיי רעדן היינט!
— אַ, קום אין טעמפּל! ס'וועט זיין שפּעט!
— און ווער איז דער צווייטער,
וואָס גייט מיט אים?
— נאַבאַט דאָס איז נאַבאַט אַליין,
— אַ, נאַבאַט! דאָס איז נאַבאַט?!
דער וואָס...
— יאַ, יאַ... וואָס האָט אין מזרח דאָרט
די הערשאַפט פון דער רויטער פאָן
באַפעסטיקט מיט דער הילף פון דער נאַנאַ.
— קוקט! אַ, קוקט, זיי גייען שוין!
— נאַנאַ! נאַנאַ!
— נאַנאַ! כאַ־כאַ! אַ פּראָסטיטוטקע!
— ווער האָט געוואַגט דאָרס וואָרט
צו זאָגן?!
— דאָס וואָרט איז טויט שוין לאַנג,
מיין פריינד...
— כאַ, טויט! דאָס וואָרט איז טויט שוין לאַנג,
די חיה לעבט נאָך אָבער אַלץ.

— ווילסטו זאגן...
— איך וויל זאגן, אז עס לעבן נאך
די חיות.
טראכט אויס אַנ׳אנדער ווארט פאר זיי.
דאס אלטע ווארט איז טויט! כאַ־כאַ!
— מאראוו... נאבאט...
— און פאר מאראוו? און פאר נאבאט?
זי האט שוין טויזנטער געהאט!
— און ווער קומט יעצט?
— כאַ־כאַ־כאַ! עס וועט שוין זיין!
עס וועט שוין זיין!
— אַ, שווייגט, נאראנים, זי איז אַ מאכט...
און זי וועט העלפן אונז... באזיגן.
— באזיגן?! וועמען?!
— כאַ־כאַ־כאַ!
— קומט! קומט! זיי גייען שוין!
— מאראוו! נאבאט!
— נאנא! נאנא!..

— — — — — — — —

אונטער בעגייסטערטע געשרייען פון פילע בעגלייטער קומען מאראוו, נאנא און נאבאט.
די גלאָקן פאנגן אן צו קלינגען.
נאבאט הויבט אויף זיין האנד.
עס ווערט שטיל.

נאבאט:

— הויך אין הימל האט די רויטע פאָן
פארשפרייט זיך איבער אונזער ערד.
און די זאטע פרייע מענשהייט
קאָן זיין שטאָלץ מיט אירן זיג.
זאָלן רויטע קלאנגען טראגן
אונזער גייסט איבער דער וועלט!
ווייל דער גייסט פון אונזער שאפן
איז געבונדן מיט די גלאָקן,
און זיי וועלן אימער קלינגען.

## ווייל ס'איז אייביק אונזער שאָפן!

בעגייסטערטע געשרייען.
אַלע גייען אַוועק צום טעמפּל.
די ערשטע נאַבאָט און מאַראָוו, געפירט פון נאַנאַ אונטער די אָרמס.
נאָך זיי דאָס פאָלק.
די מוזיק פאַנגט אָן שפּילן ווי פריער.
פון דעם בוים טיילט זיך אָב דער הויכער מענש.
שטרעקט אויס מיט צאָרן זיין פויסט צו די, וואָס זענען פאַרשווינדן אין טעמפּל.
דערנענטערט זיך עמיצער צו אים, ייי אַ דורכזיכטיקער וועזען.

שעפּטשעט שטיל:

— בען־כאַריף... בען־כאַריף...

בען־כאַריף:

— וואָס ווילסטו?

עמיצער ווי אַ וועזען:

— בען־כאַריף,
קיינעמס גייסט האָט ניט געשוועבט נאָך
אַזוי הויך, ווי דיינער...
בען־כאַריף, דו דאַרפסט נאָר וואַגן,
און די הערשער וועלן פאַלן.
אַלע, אַלע וואַרטן נאָר
דו זאָלסט די יונגע פרייהייט ברענגען.
עס איז שוין נימאָס אַזאַ לעבן!
זאָט און רוהיק, אָהן די שטורמען,
ווערן מיר פאַרשימלט גייסטיק...
אונזער מאַרך איז פויל און טרוקן,
די געדאַנקען שטומפּיק, בלייך...
און די טרוימען, ווי אָהן פליגל,
שוועבן אונטן אין די טאָלן,
בענקען נאָך די הויכע וואָלקנס,
נאָך דעם פייער,
נאָך די בליצן...

אומעדום מאַשינען רוישן.
קלאַפּן, טומלען, שטינקען, פליהען.
ס'איז קיין פּלאַץ שוין פאַר קיין טרוימען..
ס'איז קיין ספּערא פאַר דעם גייסט...
עס ווילט זיך פליהען אהן מאַשינען,
שוועבן אין דער אייביגקייט
פון די הויכע טיפע ספערן,
וואס מ'האָט שוין אויך פארשקלאַפט
מיט זייער פּראַגרעס, מיט זייער קולטור...
בען־כאַריף, דו דאַרפסט נאָר וואגן,
און די הערשער וועלן פאַלן!
— — — — — — — —

עמיצער, ווי אַ וועזן ווערט פארשווינדן, ווי געקומען.
אויף דער שוועל פון דעם קלויסטער באַווייזט זיך נאנא.
אירע אויגן פינקלען מיט לײדענשאַפט פייער, ברענען מיט
באַגער און מיט אירע נאַקעטע הענט ציט זי זיך צו בען־
באַריף.
בען־כאַריף:
— ניין, ניין! איך דאַרף דיך ניט!
איך וויל דיך ניט! ניין, ניין!
די הערשער, זיי! זיי קאַנסטו
שענקען דיינע שמייכלען...
זיי קאַנסטו דריקן צו דיין שוים...
נים מיך! ניין, ניין! נים מיך.

גייט אוועק.

נאנא לויפט ארויס פון דעם טעמפּל.
לויפט אים נאָך.
נאָך איהר קומט באַלד ארויס מאַראַוו.
לויפט צי צו איהר.
כאַפּט זי אָן ביי דער האַנט.
קוקט אָף איר מיט פאַרדאַכט.
מאַראַוו:
— נאנא, וואוהין לויפסטו?
נאנא:

— איך לויף נים ליבער...

מאַראַוו:

— נאַנאַ, איך קאָן דיך!
צו וועמען לויפסטו?

נאַנאַ:

— צו קיינעם, ליבער...
צו קיינעם, ליבער...

מאַראַוו קוקט זיך איין אין דער פינסטערניש:

— איך זע ער איז אין וואַלד פאַרשווינדן.

נאַנאַ:

— דאָס איז אַ שאָטן...
אַ שאָטן, ליבער...

מאַראַוו:

— ס'איז בען־כאַריף, נאַנאַ?
ס'איז בען?

נאַנאַ:

— איך וויים נים, ליבער...
איך ווייס נים, ליבער...

מאַראַוו קריצט מים די ציין.

—אַ, פאַרפלוכטער!
ער וויל אַ כאַאָס זאָל באַהערשן
די געפילן פון דער יוגנט!
ער וויל די רויזן פון דעם לעבן
זאָל אַ שטורמווינט פאַרטראָגן
צו די ברייטע ימען זייגע,
וואו עם הערשן לײדענשאַפטן...
ניין, ניין, נאַנאַ! דאָ מוזטו בלייבן
מים מיר, וואָס האָט פון דיר געטרוימט
מים לײדענשאַפט די טעג און נעכט!

נאַנאַ:

יאָ.. יאָ.. מיין ליבער..
יאָ.. יאָ.. מיין העלד.

נעמט אים אַרום.

נאַבאַט באַווייזט זיך אין דער טיר פון טעמפּל.

שטעט א ווײַלע און קוקט אױף זײ.
קומט צו נענטער.
גאבאט:

— געהערט, מאראוו? מ׳רעדט שוין ווידער.

מאראוו:

— מ׳רעדט שוין ווידער?
וואס רעדט מען דארט?

נאבאט:

— אלטע רעדעס! אלטע ליגענס!
שוין ווידער רעדט מען פון דעם טורם.
א יונגער האט ערשט דא אין טעמפל
געוואגט פאר אלע פראקלאמירן,
אז די סטאלבעס, וואס זײ האלטן
די רויטע גלאקן אין דעם טורם,
זענען לאנג שוין פויל געווארן,
אז דער טורם קאן נאך פאלן.
ער וואגט צו זאגן, אז די גלאקן
זענען איבעריק אינגאנצן.
אז זײ מאכן טויב מיט קלאנגען,
אז עס איז אן אלטער מינהג,
וואס עס פאסט זיך ניט פאר יונגע.

מאראוו:

— דו אליין ביזט אין דעם שולדיק!
ביזט צו גוט צו זײ — די יונגע...

נאבאט:

— ניט צו גוט, נאר ערליך ביז איך.
זעסטו דען ניט, אז מיר זענען
אפטמאל ווייט פון די אידייען,
וואס עס ברויזן צווישן זײ?
אז מיר זענען פארט די הערשער,
און זײ זענען פרייע שקלאפן...

מאראוו:

— א, מיך וואונדערט! נײַע רעדעס!
ביזטו אויך מיט בען־כאריף,
וואס וויל מיט אויסגעלאסענהייט

און ווילדע אַרגיעס
אַ נייע פרייהייט שאַפן?

נאַנאַ'ס אויגן צינדן זיך אָן.
נאַבאָט:

— איך בין ניט מיט בען־כאַריף.
ער איז דער שטורם, איך — אַ שיף.
מיך פירט מיין וויסנשאַפט אין וועג,
מיין שכל, שאַפונג און פּראָגרעס,
און ער — אַ שטורם ווינט פון ים,
איז פול מיט פייער און מיט פלאַם...
קאָן ער דעם טורם פונאַנדערטרייסלען,
פונאַנדערשליידערן די שטיינער,
צו אַש פאַרברענען אַלע סטאַלבעס,
אַ חורבן מאַכן צו דעם אַלעס,
וואָס דורות האָבן שווער געשאַפן...
אַ שטורמווינט איז בען־כאַריף.
און עפּעס שיינס איז פאַרט פאַראַן
אין זיין אונרויִקער נשמה.
עס קאָן ניט שולדיק זיין אַ בליץ,
וואָס קומט פון הימל און פאַרברענט,
דו קאָנסט ניט אָפּשטעלן אַ ווינט,
וואָס איז דער אָטעם פון נאַטור.
בען־כאַריף איז ווי אַ אָדלער,
וואָס איז שיין אין הימל הויך,
צווישן וואָלקענס, צווישן בערג...
ער איז שיין מיט זיך אַליין,
מיט דער טיפקייט פון זיין זעלע,
מיט דער פרייהייט פון זיין גייסט..
אָבער אַלע זיך דערהויבן
ווען יונגע קיינמאָל קאָנען.
ער וועט פליהען און אויך פאַלן,
ווייל ער האָט קיין ציל פאַר זיך.

מאַראָוו גייט צו נענטער צו נאַבאָטן.

רעדט מיט צאָרן:

— נאבאט, נאבאט! דו ביזט פארסמט!
דו קאָנסט ניט בלייבן פירער מער,
ווען צווייפלסט אין דיין מאַכט
און גלויבן.

נאבאט:

— א, ניין, מאראוו! פארשטעסט מיך ניט.
דו ביזט צו א ארד.
ביזט אַ מאַשין, וואָס האָט קיין פרייען גייסט
אין זיך.
פאַנאַטיש הערליך אין דיין ציל,
פארגעסטו אין דעם שטארקן גייסט,
וואָס לעבט אין מענשן.
און אויב עס פלאמט א שטארק געפיל
אין דיין זעלבסטהערשיגער נשמה,
איז דאס די ליבע צו נאַנא.
נאר צו נאנא, צו איר אליין...

מאראוו:

— ניט רעד פון דעם!
ווייל דו אליין
ביזט אויך פארליבט אין איר, נאבאט!

נאבאט:

— אַ מענש איז אָפטמאָל שוואַך...
עס מאַכט זיך, איך פארגעס זיך אויך
און ליב זי, ווי... אַ שיינע פרוי...

מאראוו:

— דו ליבסט זי שטאַרק!
דו וואָלסט זי גלייך אוועקגענארט
פון מיר, ווען קאָנסט נאָר...
נעם זי! נעם זי אויב דו קאָנסט!

נאבאט:

— זי איז לאנג שוין מיינע,
גלייך, ווי דיינע...

מאראוו:

—א, ביזט שטאָלץ בא זיך, נאבאט!

## „ג ל א פ ן"

כא־כא! דאס איז דאס לעצטע מאל
וואס זעהסט זי...
פארעמער, שטארב!
זי איז מיינע! מיינע!

כאפט אים באם האלדז, שטיקט אים.
שלאגט אים אוועק צווישן די ביימער, וואו עס הערט זיך זייער ראנגלען.

נאנא שטעט א בלייכע, א דערשראקענע.
ציטערט שטארק.
הערט זיך צו, און לויפט אוועק.

א רוישיקע כוואליע פון מענשליכע שטימען רייסט זיך ארויס פון דעם טעמפל.
איינציקווייז און צו צוויי גייען ארויס מענער און פרויען און ווערן פארפאלן אין דער פינסטערניש.
איינציקווייז ווערן אויסגעלאשן די ליכט פון די פענסטער,
נאר איין קליין פענסטערל לייכט, ווי א שטערן פון ווייטנס.
א שווערע שטילקייט פארכאפט די פינסטערניש ארום און ארום.

— — — — — — —

לאנגזאם מיט אנ׳אראפגעלאזטן קאפ באוויזט זיך נאבאט.
זעצט זיך אף א באנק.
זיצט אונבאוועגליך און טראכט.
טרויעריק און לאנגזאם שלאגט דער זייגער צוועלף.

— — — — — — —

## צווייטע בילד



**Let Hercules himself do**
**What he may,**
**The cat will mew, and**
**dog will have his day**

*Shakespeare*

אין טעמפל „רויטע גלאקן“.
הויכע מארמארנע קאלאנעס ציען זיך ביי די ווענט.
צווישן די קאלאנעס — סטאטועס פון מארמאר און בראנז.
אין דער ווייטער פערספעקטיווע פון די קאלאנעס, אף אן
עסטראדא, שטעט א לאנגער טיש באדעקט מיט רויטן.
אפ׳ן טיש ביכער, א ראדיא און אנדערע קליינע מאשינען.
אונטן איבער דער גאנצער לענג פון טעמפל, שטעען שווע־
רע מאסיווע בענק.

אין טעמפל איז טונקל.
נאר דורך די פילפארביקע פענסטער שיינען אריין זונען־
שטראלן און לעגן זיך אויף דעם דיל, ווי רעגנבויגנס.
א שטילקייט הערשט אונבאשטערט און שאפט א רוהיקע,
דענקענדע שטימונג.

הערט זיך פלוצים פון אויבן א ווייטער קלאנג פון א גלאק.
וואס צוגיסט זיך און ווערט צוגאנגען אין דער שטילקייט.
א צווייטער.
דערנאך א דריטער.
און ווידער ווערט שטיל, ווי געווען.

שטעען די סטאטועס און קוקן איינע צו דער צווייטער,
און עס ווייזט זיך, זיי רעדן צווישן זיך.
און דערפאר איז אזוי שטיל.

— — — — — —

שטיל, אונבאמערקט קומען אריין צוויי.
פארהילט אין די מאנטלען.

ערשטער:

— מיר זענען די ערשטע.

צווייטער:

— יא, די ערשטע.

ערשטער:

— ס'איז טונקל און שטיל.

צווייטער:

— יא, ס'איז שטיל...
און אפשר ווייזט זיך אויס אזוי...
אפטמאל דאכט זיך מיר,
אז עפעס רעדט און קלינגט
איז שטילקייט...

ערשטער לאכט שטיל.

צווייטער:

— וואס לאכסטו?

ערשטער:

— איך טראכט און לאך...

צווייטער:

— פון וואס?

ערשטער:

— פון דעם, וואס מיר די גרויסע קלוגע חיות
וויסן גארנית, גארנית וואס עס טוט זיך
ארום אונדז.
אט, יעדן טאג ברענגט די וויסנשאפט
אלץ נייע און נייע זיגן.
עס ווייזט זיך שוין, אז מער איז קיין געהיימניסן ניטא...
אז נאר איין זאך — דער טויט איז נאך פאר אונדז
געבליבן א געהיימניס.
און פארט... פארט גלויבט זיך מיר,
אז די סודות פון דעם טויט
זענען אויך שוין באלד ענטפלעקט.

צווייטער:

— אך, דאס לעבן איז פארט א ווירקליכקייט און חלום...
די וועלט איז פארט א אונבעגרייפליכע מיסטעריע,
וואס לאזט אונדז איבער סודות אימער
אין וועלכע מ'קאן פארטרונקען ווערן,

װען װילסט אַרײַנדרינגען אין זײ...
אַך, מענטש! דו מענטש!
װי גליקליך ביזטו, װאָס קאָנסט פאַרגעסן,
אַז לעבסט אין תהום פון אומבעגרײַפטע סודות,
פון אומבעגרײַפטע קראַפטן, און קאָנסט נאָר זען
די גרױסע װירקליכקײט אין װעלכער דו לעבסט.

ערשטער לאַכט שטיל.

אַ דריטער קומט אַרײַן:

— אַ, איר זענט שױן דאָ?
איך בין אױך געקומען פריה,
װײַל כ'האָב ליב צו בלאָנדזשען אין דעם װאַלד,
װען ס'איז שטיל,
און הערן דאָס פאַלן פון די בלעטער...
פאַלן אַזױ לאַנגזאַם... טרױעריק..
לעגן זיך פּילפּאַרביק, װי אַ טעפּיך..
און עס װײַזט זיך, אַז עס פאַלן
אָפּגעשטאָרבענע פאַרגעלטע טרוימען,
װאָס טרעטסט אומבאַרמהערציק מיט די פיס.

צװײטער:

— דער הערבסט איז אַזױ טרױעריק
דאָס יאָר.

דריטער:

— יאָ... דער הערבסט איז טרױעריק
און װעקט אין מיר אַזױ פיל מאָדנע שטימונגען,
אַזױ פיל טריבע געדאַנקען...
און עס ציט אומװילנדיק דײַן האַרץ
אַראָפּ צו ערד...
אַראָפּ צו ערד, צוזאַמען מיט די בלעטער.
און גײסט... און טראַכטסט...
און גײסט... פילאָזאָפירסט...

ערשטער:

— מענטש...
װאונדער מיסטישע באַשעפעניש,
געהײמניספולער הערשער געני,

וואס האט געשאנגען מיט זיין וויסן
די נאטור אונצוימטע קראפטן...
מענטש...
געקרוינטער גייסט פון גוטס און שלעכטס,
אלמעכטיקער און שטאלצער שקלאף,
וואס טראגט אין זיך דעם מעבפיסטן,
דעם שענסטן אונבאקעמפסטן מאסטער —
דעם גערשנס! —
א, מענש!
דו ביזט סענטימענטאל.

דריטער:

— פיליבט...
סענטימענטאליזם איז אויך א קראנקייט,
און איך בין קראנק.
פון עפעס מיד.. פון עפעס ואט..
און איך ווייס אליין ניט, וואס עס פעלט מיר,
מיינע פריינד.
איך וויל אפט נעמען א שטעקן אין האנט,
פארלאזן מיין שטיבל,
גיין פון לאנד צו לאנד
און קוקן... נאר קוקן
אף אלע, אף אלעם.
וואס לעבט מען?
וואס שטארבט מען?
ניט פרעגן קיין שאלות...

ערשטער:

— ביזט סאנטימענטאל, מיין ליבער פריינד,
ביזט סאנטימענטאל.
ניט לאז די מעלאנכאליע באהערשן דיין נשמה.
זיי פריילאך, מוטיק,
ניט טראכט פון דעם.
דאס לעבן איז א לאנגע קייט
און דו א רינג אין איר.
ס'איז ניט די שולד פון לעבן־קייט,
וואס רינגען ווערן שוואך.

און ווילן זיך אָפּרייסן, און קייקלען זיך אַליין..
אַליין אַ רינג — ביזטו צו שוואַך,
אָבער אַ רינג צו אַ רינג, געקייטלט איינער צו דעם צווייטן,
באַזיצן מיר די שטאַרקסטע מאַכט,
וואָס האַלט אונדז אויף דער ערד.
דריטער:
— יאָ, מײַן פרנד,
פּילייכט ביזטו גערעכט.
די לעבן־קייט איז אָבער אויך
אַ שקלאַפן קייט.
און אָפטמאָל איז זי אַזוי שווער,
אַז רינגען ווערן שוואַך אין איר.
דער צווייטער:
— אַ, גענוג! גענוג!
קומט צו די בענק.

גייען אַוועק צו צו די בענק.

אַנדערע צוויי קומען אַריין.
— ווער וועלן היינט די ריכטער זיין?
— אַ. ס'איז קיין אונטערשייד...
דיזע אָדער אַנדערע.
זיי זענען אַלע גלייך.
ס'איז דאָך ניט די צייטן פון אַמאָל
ווען ריכטער האָבן זייער געוויסן פאַרקויפט
פאַר בלישטשענדיקן גאָלד,

און האָבן טויזענטער און טויזענטער אומגליקליכע קרבנות
געבראַכט דעם בלוטדורשיקן „הומאַנישן“ געזעץ.
היינט, ברודער, לעבן מיר אין דער פרייער,
גליקלאַכער עפּאָכע,
פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס,
ווען מענטשן זענען אַלע ריכטער,
און ריכטער זענען אַלע מענטשן.

דריי פרויען קומען אַריין.
— מיר זענען פרי געקומען.

— איך האָב געוואוסט ס׳איז פרי.
דער ראַדיאָפּאָן האָט דאָך אַף פּונקטליך פיר
גערופן צום געריכט.
— איך האָב אימער ליב צו קומען פריער,
אין שטילקייט זיצן דאָ,
און לאָזן די געדאַנקען מיינע טראָגן מיך
אַוועק, אַוועק צו נייע צייטן...
זיך לאָזן טראָגן אין דער ווייטער צוקונפט,
און חלומען און חלומען פון דעם,
וואָס האָב קיינמאָל געפילט,
וואָס האָב קיינמאָל געזען...
— איך טרוים אויך אָפט אַזעלכע שיינע טרוימען
אָבער אַלעם פון וואָס איך טרוים
איז שוין געווען,
איך האָב עס אָבער ניט געזען.

גייען לאַנגזאַם, קוקן אַף די סטאַטועס.

דער טעמפּל ווערט פּאַרפולט מיט מענער און פרויען, וואָס קומען אַלע פּלוצים, ווי אַ שטראָם.
זעצן זיך אַף די בענק.
עס ווערט ליכטיק.
אין גערויש הערן זיך איינציקע פראַזן, געלעכטער.
איניקע זיצן, אַנדערע שפּאַצירן.
באַטראַכטן די סטאַטועס.
באַ׳ם טיש באַווייזט זיך אַ מאַן.
ברענגט אין אָרדנונג די פּאַפּירן און מאַשינען.
זעצט זיך ביי זייט פון טיש.

אונטן אַף די בענק:

— איך וואַרט מיט אומגעדולד צו זען
די שענע אַברינאַ.
— אַ, אַזאַ שענע טאַלאַנטפולע מיידל זאָל זיין
אַזוי פאַרדאַרבן
ס׳איז שרעקלאַך, ווען ס׳קומט אַף דעם געדאַנק.
— ניט אַנדערש, זי איז משוגע —

איך זאָג איך זי איז משוגע.
— וואָס רעדסטו!
משוגע! זי איז דאָך אַ טאַלאַנט!
— מ'זאָגט, אַ לאַנגע צייט האָט זי געשפּילט
אין טעאַטער אַזאַ ראָלע.
אין אַ שפּיל אַזאַ פון אַן אַלטן שרייבער.
איך גלויב זי איז שוין צוגעוואוינט צו דעם.
ווען שפּילסט אַ לאַנגע צייט נאָר איינע ראָלע
דאַן ווערט עס ווי דיין אייגענע נאַטור.
און שפּילסט אין לעבן, ווי אין טעאַטער.
—איך וואָלט אַזעלכע פּיעסן פאַרווערט צו שפּילן
—פאַרווערט! ווער רעדט עס פון פאַרווערט!
וואו לעבסטו, אַ?
— איך וואָלט.
דו זיצט און קוקסט ווי ווילדע לאַנדשאַפטן
בעהערשן יונגע און אַלטע מענטשן;
דו ווייסט, אַז דאָס איז נאָר אַ שפּיל,
אָבער דו פאַרגעסט זיך אַפטמאָל,
און דער גייסט פון זייערע רעדעס בעאיינפלוסן אַזוי
דיין מח און דיין נשמה, אַז עס דוכט זיך דיר
דו שפּילסט מיט זיי.
און דו אַליין באַגעסט די אַלע ווילדע טאַטן
גלייך מיט זיי.
— זיי רוהיק, ברודער.
מ'שפּילט אַזעלכע שטיק, נאָר פאַר דערוואַקסענע,
אַף וועלכע עס קאָן שוין מער ניט ווירקן.
ע סווירקט, ווי וואַסער אַף דעם פייער.
— אַ, עס זאָגט זיך נאָר אַזוי.
אַ יונגע מיידל האָט נעבעטן שפּאַצירט אין וואַלד מיט מיר,
זי איז בעגייסטערט פון אַברינאַ.
און טרוימט צו ווערן אַן אַקטריסע, און אויך די
ראָלע שפּילן.
און אום צו איבערצייגן מיר,
אַז זי באַזיצט דעם זעלבן פייער און טאַלאַנט
האָט זי גענומען שטיקן מיר,

אז איך בין קוים ארוים פון אירע הענט.
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !
— ס'איזווירקליך שרעקלאַך, אַזעלכע גרויזאַמע
און ווילדע טהאַטן זען,
אַבער זעלטן הערט מען שוין פון דעם.
— אַבער פאַרוואָס האָט זי דערשטיקט די יונגע מיידל ?
איך האָב גאָר ניט געהערט פון דער געשיכטע.
— אַ, ס'איז בעסער, ווען מ'הערט ניט.
עס רעגט אויף די אינסטיקטן ווען הערסט פון דעם.
— שש.. שש.. שש..
— זיי געען שוין ?
— אַ, ניין, ס'איז נאָך פרי.
— איך בין שוין נייגעריק צו הערן דעם משוגע־
נעם ראַדקאַ.
— אַ, עס אינטערעסירט מיך ווייניק הערן זיין פּלאַפּלען
וואָס קלינגט אַזוי משוגע און היסטעריש.
איך וואָלט געוואָלט די פרוי שוין הערן,
וואָס האָט אַ קינד אַוועקגעטראָגן,
און געהאַלטן אין איר הויז.
— עס וואונדערט מיך.
וואָס דאַרף זי דאָרט אַ קינד
ביי זיך אין הויז ?
— זי איז זעהר סאַנטימענטאַל.
— ס'איז שרעקלאַך, ווי די קראַנקייט פאַנגט
אַלץ מער און מערער מענשן.
— ס'איז געבליבן נאָך פון יענע יאָרן,
ווען מענשן האָבן עס פאַרעכנט פאַר אַ שיין
געפיל.
— אַ, איר וועט נאָך איצט געפינען פילע, פילע
אַזעלכע קראַנקע, וואָס ליבן דאָס געפיל,
פאַרשיכירן זיך מיט אים, און ווערן אַזוי שוואַך..
לויפן אַוועק פון מענשן,
גריבלען זיך אין אייגענע נשמות
און וויינען.
אָפטמאָל וויינען זיי.

— זיי וויינען? הערט! הערט, זיי וויינען!
— וויינען?! האָסטו אַמאָל געזען די קראַנקע וויינען?
אַ, איך וואָלט געוואָלט זיי זען!
— איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געוויינט,,
איך וואָלט געוואָלט אַמאָל דאָס פילן,
וואָס זיי די קראַנקע פילן,
און אויך אַביסל וויינען.
— אַך, עס מוז דאָך זיין אַזוי אינטערעסאַנט!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
— איך האָב געוויינט.
— דו האָסט געוויינט?!
— יאַ.
— הער! הער! ער האָט געוויינט!
— שש — שש — שש — —
— — — — — — —
— — — — — — —
— — — — — — —
— האָסטו געהערט די נייעס נעכטן?
— פון וואָסער וועג, וואָס מ'האָט געעפענט אין סאַכאַראַ?
יאַ. עס ווערט אַ וואונדער לאַנד די וויסטעניש.
— איך האָב געהערט, אַז דער באַרימטער מאַש האָט דעם אַטלאַנטיק אין דריי שטונדן אַריבערגעפלויגן.
— איך האָב אויך געהערט.
— ווער זענען היינט די ריכטער?
— איך וויים ניט זיכער.
איך דענק, אַז דער געלערטער מאַרשמאַן,
וואָס האָט דעם נייעם פּסיכאָלאָגישן עפעקט ענטדעקט.
דער צווייטער איז דער היסטאָריקער פילאָזאָף באַנאַראַף,
און דער דריטער, דענק איך, איז דער גרויסער פּאָעט טשומי.
— אַ, טשומי.
— שש... שש...

## מ. גיציס

— זיי קומען שוין
— יא. זיי קומען.
— שש... שש...

דריי ריכטער קומען אריין.
זעצן זיך באַם טיש.
די ליכט ווערט אויסגעלאָשן.
אין טעמפּל ווערט ווידער טונקל.
עס זענען נאָר באַלויכטן די עסטראַדאַ און די ריכטער אַרום טיש.
הויבט זיך אויף איינער פון די ריכטער.
רעדט שטיל און רוהיק.

— ברידער און שוועסטער!
היינט וועט דאָ אין טעמפּל „רויטע גלאָקן"
פאַר אייך דערשיינען פינף מענשן.
דריי ברידער און צוויי שוועסטער,
וואָס זענען, ליידער, ניט גענוג דערצויגן
צו פאַרשטעהן און בעגרייפן זייער שולד
געגן דער געזעלשאַפט, וואָס טראָגט מיט זיך
די ריינע שטראַמען פון פרייהייט, גליק און ליבע.
היינט וועט איר פאַר אייך דאָ זען
פינף גייסטיק שוואַכע מענשן,
וואָס האָבן ניט דעם מוט און ווילן
צו באַהערשן זייערע שעדליכסטע געפילן.
היינט וועלן זיי פאַר אייך דאָ דעמאָנסטרירן
זייערע לעכערליך פאַרדאַרבענע אנשויאונגען,
וואָס דערמאָנען אונדז אין דער בלוטיקער פאַרגאַנגענהייט
אין דער עפּאָכע ווען מענשן האָבן וואַנזיניק געגאָסן
טייכן בלוט,
און אין דעם בלוט זייערע הענט געוואַשן.
היינט וועלן זיי אייך לאָזן הערן דעם אָפּקלאַנג,
דעם לעצטן שרעקליכן אַקאָרד פון יענע גלאָקן,
וואָס האָבן אַמאָל מיט שוואַרצע קלאַנגען
פאַרגאָסן אונדזער ערד.

זעצט זיך.

## „גלאָקן“

דער לעצטער ביי׳ם טיש :

— זאָל ארייַנקומען אלעקס.

קומט אריין אלעקס.
גייט לאַנגזאַם.
קוקט טריב.
רעדט מעלאַנכאָליש.
דער ריכטער :

— דיין נאָמען.

אלעקס :

— אלעקס.

ריכטער :

— ווי אלט ביזטו ?

אלעקס :

— צוואַנציק יאָר.

ריכטער :

— דיין באשעפטונק ?

אלעקס :

— אַ לופט פליהער.

ריכטער :

— דו ווערסט באַשולדיקט
אין ניט קומען צו דער ארבעט
פאר די לעצטע זעכציק טעג.
ווילסטו די אורזאכע אונדז זאגן,
מיין יונגער ברודער ?

אלעקס :

— איך האָב ניט געקאנט.

ריכטער :

— פאַרוואָס ?

אלעקס :

— עס ציט מיך ניט.
איך פיל ניט גאָרניט.

ריכטער :

— עס ציט דיך ניט ?
דו פילסט ניט גאָרניט ?

דו ווייסט דאָך אָבער, אַז דו קאָנסט ניט איגנאָרירן
די געזעצן פון דער געזעלשאַפט.
דו קריגסט דיין הויז, דיין שפּייז און ליכט,
דו קריגסט די קליידער און אַלעס
אַז וואָס עס נויטיקט זיך אַ מענש.
און ווען דו ברענגסט קיין נוץ אונזער געזעלשאַפט,
דאַן פאַלסטו, ווי אַ לאַסט אויף אַנדערע,
וואָס אַרבעטן פאַר דיר.

אַלעקס:

— איך ווייס עס.
אָבער איך קאָן ניט אַרבעטן.
איך קאָן ניט.

ריכטער:

— פאַרוואָס ?

אַלעקס:

— איך פיל ניט גאָרניט,
און איך וויל ניט גאָרניט.

ריכטער:

— רעד דייטליכער.
וואָס מיינסטו, ווען דו זאָגסט,
דו פילסט ניט גאָרניט.

אַלעקס:

— אַ פּוסטקייט הערשט איצט אין מיין האַרץ
און טרויק אַנבאַוועגליך איז מיין מח.
איך קאָן ניט דענקן,
איך קאָן ניט שאַפן . . .
און אַלעס איז איבעריק אינגאַנצן.

ריכטער:

— פאַרוואָס ?

אַלעקס:

— מיין געליבטע איז געשטאָרבן.

די ריכטער קוקן זיך איבער.
געלעכטער אונטן אויף די בענק.

ריכטער:

— מיין יונגער ברודער,
דו ווייסט דאָך זיכער, אַז סענטימענטאַלע געפילן
ברעכן אונדזער גייסט און קערפּער,
פירן אונדז אַף טונקלע וועגן,
שפּרעטן שוואַרצע וואָלקנס אימער
אַף דער זון פון יוגנט.

אלעקס :

— איך ווייס.

ריכטער :

— דאַן באַהערשן מוזטו די געפילן.
די ליבע איז דאָס שענסטע,
וואָס דעם מענטשענס גייסט קאָן שאַפן.
אָבער חוב און ליבע צו דער געזעלשאַפט,
מוזן אימער דאָמינירן איבער ליבעס,
וואָס עס פּלאַנצן איינצעלנע פּערזאָנען.

אלעקס :

— אַ, ריכטער! דו ווילסט מיך ניט פאַרשטײן.
און קאָנסט ניט מיטפילן מיט מיר,
ווייל דו שטודירסט געפילן,
ווייל דו שטודירסט די ליבע,
ווי אַ געלעהרטער שטודירט באַצילן.
זי איז געווען מיין טרוים פון מיינע יונגע יאָרן.
זי האָט מיך געפירט מיט אירע לייכטע טריט
צו ווייסע וועגן.
אַ, מיין טרוים! איך בין מיט איר געפלויגן
אין די וואָלקנס...
ווי פרייע פויגל צו דער זון געשטרעבט
אַלץ העכער, העכער..
און אין דער הויכקייט,
אין דעם זעפיר, וואָס האָט קיין עק, קיין ברעג,
האָב איך דערפילט, ווי איך און זי מיין טרוים
זענען אזוי עלנד, אזוי קליין און נישטיק
אין דער גרויסער אייביקייט...
און אַרויסגעלאָזט דע ברודער האָב איך פון האַנט,
און צוזאַמען מיט מיין טרוים

בין איך אראָפּגעפאַלן פון דער הויכקייט,
פון דעם הימל,
אַף שפּיציקע און שאַרפע שטיינער...
און אַף די שטיינער איז זי מיין טרוים
געשטאָרבן.
געשטאָרבן איז מיין טרוים...
און איך... איך לעב נאָך אַלץ.

געלעכטער אַף די בענק מישט זיך אוים מיט שטימען פון פּראָטעסט.

ריכטער:

— מיר האָבן געהערט די געשיכטע פון דיינע
טרוימען, מיין יונגער ברודער.
די יונגע וואָס פליהען אין הימל
מיט טרוימען פליגל,
פאַלן אַף די שאַרפע פעלזן,
און פארבלוטיקטע, פארוואונדעטע
בלייבן זיי, ווי שטיקער פלייש,
אָהן גייסט, אָהן ווילן,
און קאָנען שוין ניט שאַפן מער,
ווי מענשן שאַפן.
און דו, מיין יונגער ברודער,
האָסט אויך אַף שאַרפע שטיינער
דיין יונגן מח צושפּאַלטן.
די טרוימען דיינע זענען טויט,
און דיר איז פּוסט געוואָרן.
ארבעט! שאַף מיט ווילן און מיט זין!
וועסטו ווידער ווערן אַ געזונטער גייסט.

אַלעקס:

— איך קאָן ניט ארבעטן און שאַפן.
ס'איז מיר איבעריק אינגאַנצן...
די טרוימען און די ווירקליכקייט,
דער הימל און די ערד.

די ריכטער בעראָטן זיך.

אין טעמפּל רוישט, ווי אין אַ בינשטאָק.

ריכטער:

— דו ווערסט אַף פּופּציק טעג
אין אַ סאַנאַטאָריום אַוועקגעשיקט,
וואו מ׳וועט דיין היפּאָכאָנדריע קורירן.

אלעקס געט אַראָפּ.
די ריכטער רעדן צווישן זיך.

אונטן אַף די בענק:

— אַ היפּאָכאָנדריק.
— זיי ווייסן גוט... זיי ווייסן שוין.
— דו ווייסט ווער אלעקס איז?
ווער איז ער? ווער?
— ער איז פון די דאַזיקע,
וואָס האָבן זיך פאַראייניגט מיט דעם פּעסימיסט.
— אָט דער וואָס פּרעדיקט שוואַרצן פּעסימיזם?
דער וואָס לערנט, אַז דאָס לעבן איז ניט ווערט
דעם קאַמף און שטרעבן?
— אַ משוגענער.
— אַ משוגענער? אַ, ניין, מיין ברודער!
— זיין פילאָזאָפיע איז שוין אַלט...
— אָבער וואָס גייט מיך אָן צו זי איז יונג,
צו זי איז אַלט?!
זי אַפּעלירט צו מיינע מיינונגען און געדאַנקען,
ווייזט מיר איינעם, וואָס האָט אַ נייע פילאָזאָפיע
געשאַפן.

דער זעלבער גייסט הערשט אימער,
נאָר די ווערטער, די סימבאָלן בייטן זיך.

— אַלטע פילאָזאָפירן,
יונגע מאַרשירן.
— בע־בע! זיי מאַרשירן גלייך
צו דעם זעלבן פּעסימיזם.
— וואָס דאַרף מען נייע פילאָזאָפן־פּעסימיסטן?
ס׳איז דאָ גענוג שוין אַלטע.
— אַלטע שטאַרבן, — יונגע קומען.

מוזט פריהער זיין אן אפטימיסט,
צו ווערן א פעסימיסט.
— א היפאכאנדריק איז ער,
האסט דאך געהערט.
— שש — שש— שש
— שש — שש— שש —
דער לעצטער ביים טיש:
— זאל אריינקומען אברינא.
קומט אריין די יונגע אברינא.
שווארצע אויגן ברענען דרייסטליך.
טראגט הויך און שטאלץ דעם קאפ.
ריכטער:
— דיין נאמען.
אברינא:
— אברינא.
ריכטער:
— ווי אלט ביזטו?
אברינא:
— זיבצען.
ריכטער:
— דיין באשעפטונג?
אברינא:
— אקטריסע.
ריכטער:
— דו ווערסט באשולדיקט
אין ערמארדן א יונגע מיידל אין דעם וואלד.
ווען זי איז שטיל געשלאפן,
האסטו זי מיט די הענט דערשטיקט.
וואס איז די אורזאכע, מיין יונגע שוועסטער?
אברינא:
— דאס ביטערסטע געפיל.
ריכטער:
— דער האס?
אברינא:
— ניין.

## „גלאָקן“

ריכטער:

— דאָן וואָס פאַר אַ געפיל האָט דיך געבראַכט
צו דעם שוידערליכן טהאָט?

אברינא:

— וואָס פאַר אַ געפיל?
האָסטו עס קיינמאָל ניט געפילט?
איז דאָס געפיל ניט אייביק, ריכטער?
דענקסטו אפשר ס'איז פארשווינדן
און פארפאַלן אין דער אייביקייט?
קומט ניט דאָס געפיל צו דיר,
און קלעמט און רייסט מיט שאַרפע נעגל
דיין האַרץ, און זויגט דיין בלוט, ווי אַ וואַמפּיר?
האָסט עס קיינמאָל ניט געפילט?
אָדער אפשר דענקסטו, אַז געפילן
זאָגן אויבערט ליגן?
דו דענקסט אַזוי?
וועסטו זאָגן, אַז דער אייפער איז פארשווינדן
פון דער ערד,
ווייל עס הערשט פּראָגרעס, קולטור?
אַ, איך ווייס...
דו פילסט די זעלבע ליידן ווי די מאַלפּע,
ווי דער הונט און קאַץ קאָן פילן.
דו ביזט די זעלבע אייפערזיכטיקע חיה,
וואָס האָט געלעבט אין וויסטעניש אין וועלדער,
וואָס האָט די ליבע מיט אַ שטיין באַהערשט,
און האָט דעם אייפער ניט בעאַלטן אין אַ ברוסט,
פון וועלכע עס פליסן שטראָמען „הומאַנישע“
געפילן.
אַ, ווען איך קאָן דעם אייפער מיט מיין האַרץ
אויסרייסן,
וואָלט איך עס דאָך געטאָן.
ווייל אַ שוואַרצער, בלוטיקער וואַמפּיר,
וואָס זויגט דאָס בלוט און גיסט אַ שוואַרצן
גיפט אין האַרץ —
איז אייפער!

## „גלאָקן"

אונטן אַף די בענק:

— הער! הער! מיין וואַרט. זי איז וואונדערבאַר!

— אַ טאַלאַנטפאַלע אַקטריסע.

— שש.. שש...

ריכטער:

— אברינא.

ס'איז שרעקליך דיך צו הערן.

עס כאַפּט אַ שוידער, ווען ווילסט בעגרייפן,

ווי טיף דו האָסט געזונקען.

אייפער האָט באַהערשט דיין האַרץ!

אייפער!

דאָס געפיל, וואָס טאַרמאַזירט דעם גאַנג פון

אונזער לעבן!

דאָס געפיל, וואָס רויבט אַוועק דאָס שענסטע

פון דער נשמה!

אייפער!

אַ יונגע שטימע פון די בענק:

— האָט ניט דער אייפער צו נאַנא

געבראַכט דעם קאַמף פון מאַראַוו און נאַבאָט?

געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטן פון יונגע.

פּראָטעסטירנדע שטימען.

אברינא:

— איך האָב ניט געקאָנט, און ניט געוואָלט

און ניט בעדאַרפט מיין שיין געפיל — די ליבע

דערשטיקן אין מיין האַרץ.

ווייל אַ געפיל קומט, ווי דער טויט אַליין.

עס פרעגט ביי קיינעם ניט,

און קיינער קאָן עס ניט אויסמיידן.

איך האָב אים ליב.

איך פיל, ווי אין מיין האַרצן זינגען,

שפּרינגען, לאַכן גרויסע און קליינע פריידן,

וואָס גלעטן, וואַרעמען מיין זעלע און מיין לייב.

און ווען איך קוק אין טיפקייט

פון די אויגן זיינע,
און הער זיין שטימע, וואָס קלינגט אין מיינע
אוירן, ווי צאַרטע, ווייכע פידל טענער,
דאַן מיין איך, אַז די גאַנצע וועלט איז מיינע,
און קיינער האָט קיין רעכט צו שטערן די
סימפּאַניע פון ליבע.
און ווען איך האָב אין אירע אויגן דערזען די קראַמפּט,
וואָס ציט אַוועק פון איר די ליבע־כוואַליעס זיינע;
און ווען איך האָב דערזען, וויביידע טרינקען זיך
אין זייער טיפע בליקן,
און ווערן ווי אין אַ נעבל צישווימען און ציגאַנגען
און ווען איך האָב דערזען, ווי זייערע הייסע לייבער
ציהען זיך אַלץ נענטער, נענטער
און ברענען אַ באַגער צו ווערן איינס,
פאַרלירן זיך אין תהום פון זיסן אויגנבליק...
דאַן...
דאַן האָב איך דערפילט דעם אייפער,
וואָס האָט מיך ווי פאַרשכורט מיט וואַנזיניקער ראַכע...
און איך האָב זי דערשטיקט.
יעצט זאָגט מיר,
מיט וואָס קאָנט איר באַשיצן מיך
געגן דעם געפיל.

ריכטער:

— אבּרינא,
דער מענש ווערט ניט געבוירן מיט ליבע און מיט אייפער.
ער ווייסט ניט פון די דאָזיקע געפילן.
ער לעבט מיט זיין אינסטינקט.
און מיר, מיר פלאַנצן אין זיין יונגער זעלע די געפילן,
וואָס דער מענש דענקט, ס'איז נאַטור.

דו האסט געלעזן ביכער פון די אלט שרייבער
פילאזאפן,
וואס האבן אין דיין הארץ דעם גיפט
אריינגעגאסן.
ביכער!
אט די ביכער פון יענע פינסטערע און שווארצע
ציימן!
אט די ביכער, וואס האבן שטראמענווייז געגאסן
גיפטיקע מאראלן אין יונגע הערצער!
אט די ביכער, וואס זענען דאן געווען
די פערלען פון קולטור,
און וואס מענשן פלעגן שלינגען, ווי א גייסטיק־
שפייז.
ביכער פון ליבע, אייפער, האס און ראכע!
אט די ביכער האבן רואינירט דיין יונגן מארך
און פארפירט דיך אין געפילן,
פון וועלכע עס וועט זיין שווער ארויסצופירן דיך.
האסטו געלעזן די ביכער?

**אברינא:**

— געלעזן.

**ריכטער:**

— גרויס איז דיין פארברעכן, אברינא.
אבער ניט באשטראפן דארף מען דיך,
ווייל שטראף פארטיפט נאר די פארברעכערישע
ווארצלען.
דו וועסט אף הונדערט טעג
צו דעם פאטהאלאגיסט מאראן אוועקגעשיקט.
געה!

**זי גייט ארויס.**

**ווערט ווידער רוישיק פון דעבאטן:**

— דאס אלעס?!
איך האב געדענקט מיר וועלן אלע דיסקוסירן
אירן טהאט...
— א, ווי לאנגווייליק זיי פירן דעם געריכט.

זיי פאַנגען אָן אַזוי אינטערעסאַנט
און ענדיקן מיט גאָרניט.
— זיי ווילן ניט פאַר אונדז פונאַנדערוויקלען
אַלע אייגנצעלהייטן.
— מיר ווילן אָבער הערן אַלעס —
— ס'איז ניט נויטיק.
דער פאַטהאָלאָגיסט מאָראַן וועט אַלעס אויספאָרשן
און דו קאָנסט בלייבן רוהיק.
ס'איז ניט נויטיק צו רייצן די ליידנשאַפטן
און געפילן.
— אָ, מיר זענען ניט קיין קינדער.
— כאַ־כאַ! זיי האָבן מורא עס זאָל ניט שעדיקן
זייער פּרעדיקן פון קאַלטע, רוהיקע מאָראַלן.
— ביכער! כע! ביכער זענען שולדיק!
זיי אַליין האָבן זי געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע
און די ראָל געגעבן שפּילן.
— שש — שש — שש —
— שש —

דער לעצטער ביים טיש:
— זאָל אַריינקומען דעוולאַק.

קומט אַריין דעוולאַק.
אַ גרויסער קאָפּ.
גרויסע אויגן.
האָרציליך, ריינע שטימע.

ריכטער:
— דיין נאָמען?
דעוולאַק:
— דעוולאַק.
ריכטער:
— ווי אַלט ביזטו?
דעוולאַק:
— פערציק.
ריכטער:

— דיין באשעפטונג ?

דעוולאק :

— פראפעסאר פון פיינער קונסט.

ריכטער :

— דו ווערסט באשולדיקט
אין אוועקטראגן פון מוזעאום א סטאטועטקע,
וואס ווערט פארעכנט אלס שעדעוור
פון פיינער קונסט.
וואס איז די אורזאכע און צוועק פון דעם,
מיין ברודער ?

דעוולאק :

— איך דענק... אז ליבע.

געלעכטער אף די בענק :

— אן אנדערער משוגענער!
— אויך א פארליבטער.
— א פאנטאזיאר.
— כא־כא־כא !
— שש — שש —

ריכטער :

— ביזט דאך ניט פארליבט אין א סטאטוע
פון גאלד און מארמאר ?

דעוולאק :

— איך ביז.

ריכטער :

— רעד ערנסט, ברודער.

דעוולאק :

— איך רעד ערנסט.
און איך וועל דיר דערקלערן,
פון וואס מיין ליבע קומט.
איך בין דער סקולפטור, וואס האט די סטטאטוע
געשאפן,
און זי, די סטאטוע טראגט אין זיך די פארמן
פון מיין געליבטער לארא.
און אין אירע פארמען האב איך מיין נשמה

מיט מיין געדאַנק און האַרץ אַריינגעלייגט.
איך האָב זי ליב געהאַט מיין לאַראַ.
זי איז מיין מוזע, מיין בעגייסטערונג געווען,
און ווען זי איז געשטאָרבן,
איז אויך מיין מוזע מיט איר פאַרשוווּנדן,
און די באַגייסטערונג האָט אויך צישפּרייט
די בלויע פליגל אירע,
און איז אַוועק פון מיר.
מ'האָט די סטאַטוע פון מיר אַוועקגענומען,
אין דעם מוזעאום זי אַוועקגעשטעלט.
בין איך אַליין געבליבן.
גאַנצע טעג פלעג איך אָפּשטען אין דעם מוזעאום
און קוקן אַף מיין לאַראַ.
איר פּאָזע, ווי זי שוועבט מיט לייכטע טריט
אין אַ גראַציעזן טאַנץ,
אירע הענט, וואָס שלענגלען זיך,
און עס ווייזט זיך, אַז זיי ציהען זיך,
און ציהען זיך אַרומצונעמען דיך,
אירע ווייסע פיס, וואָס זענען ווי געטאָקט
פון אַ זשעניאַלן שעפער,
און דריקן אויס דעם גייסט און דעם געדאַנק
פון ריטם און באַוועגונג.
ווי ווייסער שניי אַף די שפּיצן פון די בערג
אַף וועלכע עס שפּילן ראָזע זונען־שטראַלן
זענען אירע ברוסטן . . .
איר בויך — אַ כוואַליע, וואָס גיסט אַראָפּ זיך
אין אַ טיפקייט און שאַפט אַ שוים
אין וועלכער עס ווערט דערטרונקען דער געדאַנק,
דאָס איז מיין לאַראַ.
דאָס זענען די געטאָקטע פאָרמען
אַף וועלכע עס ליגט אַ קעפּל,
פאַרוואָרפן אין עקסטאַז פון שטילע קלאַנגן.
דאָס איז מיין לאַראַ.
איך האָב ניט געקאָנט צושיידן זיך מיט איר.
פאַר טויזענטער און טויזענטער באַגייסטערטע

טאנצט מיין לארא און צויבערט, צויבערט...
און ווען עס פאלט אראפ די נאכט,
וואס שארפט די טרוימען מיינע,
און לאזט מיך פילן די איינזאמקייט,
די איינזאמקייט זאגאר אין רווישנדן ים פון
מענטשן,
דאן בענק איך נאך מיין לארא...
ווען די לבנה שיקט איר לעצטן שמייכל
און דער ערד
און דער מארגענשטערן זינגט זיין ליד
פון צווישן טאג און נאכט,
געפין איך מיך ביים ים צווישן טונקעלע פעלזן.
און שטע, און טראכט...
און קאן ניט שאפן מער.
און ווידער לויף איך אין מוזעאום,
און שטע, און קוק אף איר...
און ערגעץ וואו וועיעט די בעגייסטערונג
מיט אירע בלויע פליגל...

**ריכטער:**

— רו ביזט סאנטימענטאל, מיין ברודער.
און וואס עס וואונדערט מיך...
דו ביזט שוין אלט,
און דאך האט דאס געפיל באהערשט דיין קאפ.
דו ביזט שוין אלט און ס'איז שוין שפעט
צו גיסן די געפילן דיינע אין די פארמען,
וואס מאכן שטארק דעם גייסט און קערפער.
גיי מיט פרידן אין דיין הויז,
און לאז ביי זיך דיין שיינע לארא.
און שאף פאר אונדז, ווי פריער
דיינע וואונדערבארע קונסט ווערק.

**דעוולאק נעמט ארויס א בעגייסטערטער.**
**צופרידענע שטימען פון די בענק.**

**דער לעצטער ביים טיש:**

— זאָל אַריינקומען עסטעלאַ.

קומט אַריין עסטעלאַ.
און ליבע און צער איז אין אירע אויגן.
רעדט צאַרט און מוטערליך.

ריכטער:

— דיין נאָמען?

עסטעלאַ:

— עסטעלאַ.

ריכטער:

— ווי אַלט ביזטו?

עסטעלאַ:

— דרייסיק.

ריכטער:

— דיין באַשעפטונג?

עסטעלאַ:

— רויזן פלאַנצערן.

ריכטער:

— דו ווערסט באַשולדיקט
אין אָוועקטראָגן אַ קינד פון דעם אַנשטאַלט
און האַלטן עס ביי זיך אין הויז.
וואָס איז דער צוועק פון דעם, מיין שוועסטער.

עסטעלאַ:

— איך האָב עס ליב.
עס איז די פרוכט פון יונגער ליבע,
עס איז מיין בלוט, מיין פלייש און גייסט.
עס האָט אין זיך די שטריכן פון מיין לייב און זעלע...
עס האָט דערוועקט אין מיר דאָס עכסטע
מעכטיקסטע געפיל — די מוטער ליבע.

ריכטער:

— מיין ליבע שוועסטער,
דו האָסט דאָס קינד געבוירן — איז וואָס?
דו קאָנסט ניט און דו דאַרפסט ניט האַלטן עס ביי זיך,

און בעאיינפלוסן מיט קרענקליכע געפילן —
מיט ליבע צו א מוטער.
דו ווייסט, אז דאס געפיל האט יארן טויזנטער
געהערשט אין מענשנס הערצער,
האט די קינדער מיט קייטן צוגעשמידט צו איר,
גהאלטן זיי ווי שקלאפן ביי דער פאראנטווארט־
ליכקייט און ליבע,
וואס מ„האט באזונגען און באקרוינט
מיט שענע ווערטער.
הויכע אידעאלן, העל־ברענענדיקע גייסטער,
די שענסטע טרוימן און טהאטן העלדישע
זענען דערשטיקט געווארן צוליב אט דעם געפיל,
די ליבע צו דער מוטער.
יעדע מוטער האט געפלאנצט א בוים אין
איר גארטן,
און אפטמאל אויפגעבראכט די ווילדסטע פרוכטן.
מיט בענקעניש, מיט טרערן, מיט שרעק און צער
פלעגט זי די קינדער האלטן אונטער שוואכע פליגל,
און ציטערן פאר זיי.
און האט זי צוגעשמידט צו אירן הארץ
מיט קייטן גאלדענע — מיט מוטער ליבע.
א, די מוטער!
בויגט נידעריק אייער קאפ פאר איר,
וואס גיט אונדז לעבן,
וואס ברענגט אונדז אף דער ערד צו זען די זון,
צו אטעמען די לופט, צו זינגען לידער!
נאר לאזט ניט פאנגן אייערע הערצער
פון געגנארטע סענטימענטן.

**עסטעלא:**

— א, ריכטער!
איך זע ביינאכט צוויי הענטלאך,
וואס ציהען זיך צו מיר.
איך זע די אויגעלאך, וואס שמייכלען אזוי ליבליך
און די ליפעלאך, וואס ווילן זאגן „מאמא, מאמא“

און עס ווילט זיך מיר אַ לידל זינגען צו מיין קינד
און צערטלען עס, איינשלאָפן עס און מערקן,
ווי עס וואַקסט אַ בלומעלע, אַ קליין נשמה׳לע,
וואָס שפּיגלט אָפּ מיין לעבן, מיין גאַנצע עקזיס־
טענץ.
צו וואָס האָב איך עס דאָן געבוירן?
צו וואָס געטראָגן אונטערן האַרץ,
ווען עס וואַקסט אַ פרעמדער גייסט פאַר מיר
אַ פרעמידער מענטש אָהן מוטער־ליבע?

ריכטער:

— דו זעסט דאָס קינד דאָך יעדן טאָג.
עס ווייסט דו ביזט אַ מוטער אים.
עס וואַקסט און בליהט געזונט און ריין
פון שעדליכע און נוצלאָזע געפילן.
גיב אָפּ דיין קינד צו דער געזעלשאַפט.
מיר זענען אַלע אירע קינדער.

עסטעלאַ שטעט אַ ווײַלע און געט אַרויס אַ טריבע.

אונטן אויף די בענק:

— קורץ און שאַרף.
— קורץ אָבער נים שאַרף.
— שאַרף אָבער ווי אַ מעסער,
וואָס שניידט אַ מוטער האַרץ.
— אַ מוטער האַרץ!
ווער איז דיין מוטער?
וואָס האָט געגעבן דיר דיין מוטער?
דו זעסט די זון איז וואָס?
„בויגט זיך נידעריק פאַר איר“
כאַ־כאַ־כאַ!
— דער ריכטער איז שוין אויך
אין סענטימענטאַליזם אַריינגעפאַלן.
„זי ברענגט אונז אויף דער ערד צו זען די זון“.
כאַ־כאַ־כאַ! איז וואָס?
האָט זי געטראַכט פון דיר,
ווען זי האָט איר געליבטן צו דער ברוסט

גערדריקט?
— אַ, שווייג! שווייג!
לעסטער ניט דאָס שענסטע,
וואס איז שוין אויף אַ טרוים געוואָרן.
— די נאַטור האָט זי אזוי באַשאַפן,
ווי יעדע חיה, ווי יעדע בלום,
וואָס געבן פרוכטן.
יעדע אַלטע פרוי איז מיין מוטער,
און יעדע יונגע פרוי איז מיין שוועסטער,
און איך ליב זיי אלע גלייך.
— שש — שש —
— געמיינשאפטליכע דערציהונג פון די קינדער
מאכט אויך זייער לעבן פרייער, שענער.
— שש — שש — שש —

דער לעצטער ביים טיש:
— זאָל אריינקומען ראדקא.

קומט אריין ראדקא.
אויגן, וואָס ווארפן בליצן.
שנעלע, ליידענשאפטליכע באוועגונגען.

ריכטער:
— דיין נאָמען?
ראדקא:
— ראדקא.
ריכטער:
— ווי אַלט ביזטו?
ראדקא:
— פיר און צוואַנציק.
ריכטער:
— דיין באשעפטונג.
ראדקא:
— אַ לעהרער.
ריכטער:
— דו ווערסט באשולדיקט

אין אונטערלעגן א ברענענדן פאקעל
אונטער די ווענט פון טעמפל „רויטע גלאקן"
א טרייער זון פון דער געזעלשאפט
האט דיך צו דעם געריכט געשטעלט.
וואס איז די אורזאכע און צוועק פון דעם?

ראדקא:
— ליבע צו דער מענשהייט.

עמיצער אונטן אף די בענק:
— ליבע? ווידער ליבע?
כא־כא־כא!
— שש — שש — שטילער.
— שש — — —

ריכטער:
— האסטו געוואלט מיט פייער אנצינדן
מענשענס הערצער,
און זאגן זיי, אז דאס איז ליבע,
וואס לאזט פון פייער אש און שטיין?
און דאן וואלסטו פארברענט די הערצער,
און עפעס וואלטן זיי געזוכט
צו לעשן זייערן דורשט
און ניט געפינען.
דער קוואל — די ליבע וואלט אויסגעטריקנט
פון דיין פייער.
די ליבע, וואס איז דאס הארץ פון לעבן.

ראדקא:
א, ריכטער! דו ביזט סענטימענטאל!

געלעכטער אף די בענק.

ריכטער:
— מיין יונגער ברודער,
פייער האט קיין זין אין זיך.

ראדקא:
— איך וועל אין אים מיין זין ארייגבלאזן.

ריכטער:

— און ס׳וועט פארברענט ווערן דיין זיז,
און בלייבן וועט דער אנזין.

ראדקא:

—עס פלאקערט דער געדאנק
און פלאמענדיקע צינגען רייסן זיך ארויס,
פונאנדערשפרעטן זיך אין אלע עקן...
און עס ברענען שוין די אויסגעדארטע
טרוקענע געדאנקען.
און בלייבן וועלן די נעדאנקען,
וואס האבן אין בלוט פון הארצן זייערע ווארצלען,
און אין מח די זאפטיקע און רייפע פרוכטן.

ריכטער:

— מיין יונגער ברודער.
די ערד און מענשהייט זענען אלט,
און טויזענטער מיליארדן פייערן האבן
שוין געברענט.
פארניכטעט גאנצע נאציאנען,
צו אש געבראכט די גרעסטע לענדער,
ביז עס האבן זיך די פארמען
פון דער איצטיקער געזעלשאפט אויסגעגאסן.
און איצט קומסטו מיט קינדערשן פייערווערק,
מיט קנאקענדע ראקעטן — פראזן,
און ווילסט אויך אונזערע געזעלשאפט
אויפרייסן, ווי א קנאקענדיקן פייערווערק,
און ווילסט דאס רופן—ליבע צו דער מענשהייט,
ליבע, וואס קאן, ווי פייערווערק אויסגעלאשן
ווערן.

ראדקא:

דאס האבן אימער פינסטערע טיראנען
געפרעדיקט צו דעם פאלק,
אז ליכט און פייער, און קעמפענדער גייסט,
וואס וואגט צו שטרעבן עכער און קעמפן
נעגן שקלאפעריי,
רואינירט די הייליקע געשעזעלשאפט.
א, ריכטער!

איז אונדזערע געזעלשאפט דער אידעאל פון מענטשהייט?
איז שוין ניטא מער, ווי צו שטרעבן העכער,
צו פערפאלקאמען דעם גייסט און זוכן יענע פרייהייט,
וואס הערשט אונבאגרענעצט אין דער נאטור?
איז שוין דער פרייהייט הימל אזוי נידעריק אף אונדז,
אדער אויסגעוואקסן האבן מיר אזוי הויך,
אז העכער קאנען מיר ניט וואקסן?
מערק, ווי אלע לעבן מיר דא צווישן ווענט פארשפארט,
און שאפן יעדן טאג געזעצן,
און גריבלען זיך אין די נשמות
און פרעדיקן מאראלן אין וועלכע איר גלויבט אליין
ניט מער.

בעגייסטערטע געשרייען פון יונגע.
ריכטער:
רוהיק!
ראדקא! די ווערטער דיינע זענען פונקען,
פון דעם פייער, וואס בען כאריף האט אנגעצינדן
אין די יונגע.
בען כאריף וועט אויך צו דעם געריכט פון דער געזעלשאפט
געשטעלט ווערן.
ווייל אויב זיין פייער איז ווי א פאקעל,
וואס ווארפט קיין שיין אין ליכטיקייט פון טאג,
רופט ער דאך די יונגע צו דער פינסטערניש.
ווען א פייער פון א פאקעל ווארפט אויך א שיין
און גרויסע שווארצע שאטענס,
וואס רעגן אויף אין אייך די ווילדסטע ליידענשאפטן.
גיי! גיי צו בען־כאריף און זאג אים,
אז דאס פאלק וועט לעשן זיינע פייערן!
— — — — — — —
— כא־כא־כא־א־כא־כא!
הערט זיך פלוצים אין דער שטילקייט א געלעכטער.
בלייבט שטיל דער ריכטער.
ווענדן אלע זייערע בליקן צו דער טיר.
דארט שטעט בען־כאריף, פארלעגט די
הענט אויף זיין ברוסט און לאכט.

# דריטע בילד



**Он вырван из ножен и блещет вам в глаза**
**Как и в дни быïлые-отточеныи и острый**

В. Брюсов.

אויף דעם ברעג פון דעם ים.
די זון פארגייט אין וואלקנס, און פורפורנע פלאמען
פארגיסן די ארומיגע סקאלעס.
רוישיגע כוואליעס שלאגן די שטיינערנע ברעגן,
און באדעקטע מיט ווייסער שוים,
פאלן זיי צוריק, ווי אפגעשוואכטע,
אפגעגאנגענע ווילדע חיות.
אלץ נידעריגער און טיפער זינקט די זון אין דעם
טיפן אפגרונט,
מאהלט זיך ארויס בען־כאריף אויף א סקאלע,
ווי א בלויער פעלז, פארגויטעלט פון זון שטראלן,
קוקט אין דער ווייטקייט.
הערט פארחלומט דעם רוישענדן ים.
א געהיימניספולע מיסטישע מעלאדיע, וואס קלעמט,
זויגט, נאגט...
און איז זיס, און מעכטיק, און טיף מיט איר אומעט.
א לייכט ווינטל בלויזט פונאנדער די עקן פון זיין מאנטל.
און עס דוכט זיך, אז דאס זענען פליגל,
וואס גרייטן זיך אוועקצושראגן אים ווייט, ווייט
אין דער אומבאגרענעצטער ברייטקייט...
גיסן זיך צוזאמען זיינע ווערטער מיט דער מעלאדיע
פון ים.

— דו! דו, מעכטיקער ים!
דו, קאלטער ריז,
וואס שרעקסט מיך,

און ציסט מיך אין דער טיפקייט צו דיר...
בלייב שטען אף א רגע,
און לאז מיך באגרייפן,
וואס ביזט, און וואס טרייבט דיך
אין אייביקן וועג...
דו! מעכטיקער ים!
דו, שרעקליכער ריז!
איז דא דארט א זין
אין דיין גרונדלאזער טיפקייט?!
ביזט פריי, אדער עמיץ איז דא,
וואס באוועגט דיך,
און וואלט אף מיט צארן
דיינע ברוסטן, ווי בערג?!
אט ביזטו פון זילבער
א שפיגל א ברייטער,
און שפילסט זיך מיט ליכטיקע שטראלן
פון גינגאלד.
און שמייכלסט צופרידן צום לייכטן זעפיר,
וואס גלעט דיך, און קושט דיינע ברוסטן.
און באלד ווערסטו ווילד —
א פיל קעפיקע בעסטיע,
און שפייסט ריזן־כוואליעס צום הימל,
און רייסט זיך אין שלאכט
צו די וואלקנס, וואס יאגן
א רוישיגן שטורם־געטומל...
א, וויפיל געפילן פארפלייצן די זעעלע!
עס ווילט זיך, ווי פלינל
צושפרייטן די ענט,
אויסרייסן דאס הארץ,
וואס ס׳פלאקערט און ברענט...
און שוועבן, און שוועבן...

———————

דג, מעכטיקער ים!

## „גלאַסן"

דו, שרעקליכער ריז!
אַ, שענק מיר אַ כוואַליע,
וואָס לעבט, און וואָס לעבט ניט!
אַ, לאָז מיך אויסטרינקען
איהר שוים אויף אַ רגע,
און שטאַרבן, ווי זי...
און באַלד ווערן געבוירן...
און זיין און נים זיין
אויף דיין מעכטיקן שוים...

— — — — — —

אַ געהיימניספולע, מיסטישע מעלאָדיע, וואָס קלעמט, זויגט, נאָגט...
און איז זיס, און מעכטיק, און טיף מיט איר אומעט...

ווי פון אַ כוואַליע באַשאַפן, שווימט אַרוים פרינאַ אין איר ווייסער נאַקעטקייט, און איר מורמלען איז, ווי אַ שטילע ליד...

— בען־כאַריף...
מיין פרייער בען־כאַריף...
איך זוך דיך, ליבער,
אין די כוואַליעס...
איך וויל דיך קושן,
בען־כאַריף...

בען־כאַריף:

— דו! דו, פרינאַ!
מיין וואונדער שיינע, פרינאַ!
אַ, איך וואַרט שוין לאַנג אויף דיר,
מיין ליבע...
קום, קום צו מיר...
און לאָז מיך צערטלען
דיינע ווייסע ברוסטן...
פונאַנדערלאָזן דיינע האָר פון גאָלד,
און טרינקען דיינע זיסע קוש...
אַ, פרינאַ... פרייע פרינאַ!
איך האָב געזוכט דיך אין די כוואַליעס

אין שוים געזען די לענדן דיינע...
מיט דיר צוזאמענגיסן זיך געוואלט,
און נים געקאנט, מיין טרוים... מיין טרוים..
איך וועל פאר דיר פאנאנדערשפרייטן
מיין ברייטן מאנטל, פרייע פרינא...
ווי א שטערן אין דעם הימל,
וועט דיין ווייסקייט שיינען עלער
אויף דעם שווארצן מאנטל, ליבע...

פרינא לעגט זיך אויף זיין מאנטל.

— יא, יא, מיין ליבער...
יא, יא, מיין ליבער...

בען־כאריף:

—עס בענקען מענשן נאך דיין ליבע
נאך דיין ליכט, נאך דיינע אויגן...
עס לעכצן הערצער נאך דיין שמייכל...
נאך דיין ליד, נאך דיינע קושן...

פרינא:

— ליבער... ליבער...

בען־כאריף:

— נאקעט, ווי א ווייסע ליליע
וועסטו שטען פאר אלע מענשן...
וועסט זיי זינגען ליבעס לידער,
וועסט זייער לעבן מאכן זיסער...
און איך וועל מיין טרוים, מיין פרינא,
ווי אויף פליגל איבערטראגן
איבער ים׳ען, איבער פעלדער
איבער גרויסע שטעט און וועלדער...
אלע זאלן זען מיין פרינא...

פרינא:

— יא, יא, מיין ליבער...
יא, יא, מיין ליבער...

בען־כאריף:

— און דו וועסט פונאנדערוואַרפן
בלומען אויף דער שיינער ערד...

שיין מיט צויבער, ווי דער פרילינג,
ווי דער מאָרגענשטערן ליכטיק...

פרינא:

— יאָ, יאָ, מיין ליבער...
יאָ, יאָ, מיין ליבער...

די זון איז פאַרגאַנגען.
שאָטנס פון סקאַלעס פאַרדעקן די לייבער, וואָס ציטערן, ברענען אין ליידנשאַפט פייער...

גנבט זיך אַריין אַ ליכטיקער שטראַל אין דער בלויער טונקעלהייט. נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער...
ווערט דער ים און די סקאַלעס באַלויכטן פון ברענענדע פאַקעלן און אַ מחנה יונגע לויפן אַריין מיט פריילאַך געזאַנג.

דערזעענדיק בען־כאַריף און פרינא:

— בען־כאַריף!
— פרייע־פרינא!
פרייע פרינא וועט אונז זינגען!
— בען־כאַריף וועט צו אונז רעדן!
— לאָמיר טאַנצן!
— טאַנצן!
— טאַנצן!
— לאָמיר זינגען!
— זינגען! זינגען!

**זינגען און טאַנצן אונטער די טענער פון מוזיק, וואָס קומט ווי פון דעם ים.**

— פונאַנדערגעריסט די קייטן, קייטן!
פליט אין הימל ברייטן, ברייטן!
עבער שפּילט אונז פלייטן, פלייטן!
פלייטן! פלייטן! פלייטן! פלייטן!
— וועק געדאַנקען טריבע, טריבע!
לעבן זאָל די ליבע, ליבע!
יונגע לעבן נאָר מיט ליבע!
ליבע! ליבע! ליבע! ליבע!
לאָזט קיין נעצן וועבן, וועבן!

לאזט קיין ערשער נעבען, נעבען!
יונגע מוזן לעבן, לעבן!
לעבן! לעבן! לעבן! לעבן!

צעליופן זיך זינגענדיק און לאכנדיק.
צעוואַרפן זיך אין אַלע ווינקלען צווישן די פעלזן.
לעגן זיך אויף זייערע מאַנטלען.
אייניגע שפּילן אויף פליימן און פידלען.
אַנדערע טאַנצן.

לוסטיגע שטימען:
— פילסט דאָס ווינטל פון דעם ים?
עס דערפרישט דיר די נשמה...
— עס דערפרישט דיך ווען ס'ווינטל,
אָבער ווען עס ווערט אַ שטורם!..
אַ, אַ, אַ, כ'האָב ליב אַ שטורם!
עס טראָגט דיך... טראָגט דיך,
ווי אַ וואָלקן...
— לאָמיר זינגען, לאָמיר זינגען!
— לאָמיר גיין אין ים זיך שיפן!
— וואָס פאַר שיפן! ווער דאַרף שיפן!
שווימען לאָמיר! שווימען!
— שווימען!
— ס'איז צו פינסטער יעצט צו שווימען...
— ס'איז צו פינסטער?! ווען ס'איז ליכטיק
קאָן דאָך יעדער זיין אַ שווימער!
בעסער אַ קונץ און שווים אין פינסטער!
— זאָל פרייע־פרינאַ אויף דער סקאַלע שטיין
און מיט איר ליכטיקייט אונז דעם וועג בעלויכטן!
— פרייע־פרינאַ! פרייע־פרינאַ זאָל פאַר אונז
דעם וועג בעלויכטן!

אַ יונגער בעגייסטערטער:
— פרייע־פרינאַ! פרייע־פרינאַ!
וואַרף אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל!
זאָלן אַלע זען דיך נאַקעט!

## „גלאָסן"

יונגע! יונגע!
מיט געדאַנקען, ווי די בליצן,
מיט געפילן, ווי אַ שטורם
וועלן מיר צוזאַמענגיסן
פרייע הערצער, ווי די כוואַליעס...
און מיר וועלן אַלע שווימען
אין דעם תהום אין אָקעאַן,
וואָס עס הייסט געניוס און ליבע,
וואָס באַוועגט און שאַפט
דאָס לעבן!

ענטוזיאַסטישע געשרייען.
וואַרפן אַראָפּ פון זיך די מאַנטלען.
בלייבן נאַקעטע.
דרייען זיך אין אַ ווילדן פאַרשייטן טאַנץ...

שפרינגט אַרויף אויף א סקאַלע אַ צווייטער.

געשרייען:
— דער זינגער פון ליבע!
— פון דער ליבע וועט ער זינגען!
— פון דער ליבע!
— פון דער ליבע און געניוס!
אויף דער סקאַלע.. ליידנשאַפטליך...
— אָ, יוגנט! אָ, יוגנט!
זי קלערט ניט! זי ברענט!
פאַר איר עקזיסטירט ניט
קיין שלעסער, קיין ווענט!
זי צינדט אָן די בלומען,
זי רופט און זי רייצט...
מיט שיינע געפילן,
מיט ליידנשאַפט פייער
איז אימער דער קאָפּ
און דאָס האַרצן פאַרפלייצט!..
העי! טאַנצט זשע דאָ אַלע,
ווער ס'לעבט נאָר נים מיר!

העי! לוסטיק! מיט מוזיק!
מיט לידער! צו מיר!
קומט שנעלער, א פרויען, —
איר רויזן פון לעבן!
איך וועל אין א שטורם געגום
מיט אייך שוועבן!..
איך וועל א בוקעט פון אייך שאפן,
און שמעקן
פארפומען פון ליבע,
וואס ליידנשאפט וועקן!..
און דרוקן צום הארצן
די לייבער, וואס ברענען
אין ליידענשאפט שטורם,
ווי טויזענטער זונען!
העי! טאנצט זשע דא אלע,
ווער ס'לעבט נאר מיט מיר!
העי! לוסטיק! מיט מוזיק!
מיט לידער! צו מיר!

**דרייען זיך ווילד ארום אים.**
**טאנצן און זינגען.**

— פונאנדערדרייסט די קייטן, קייטן!
פליט אין הימל ברייטן, ברייטן!
עבער שפילט אונז פלייטן, פלייטן!
פלייטן! פלייטן! פלייטן! פלייטן!

**רייסט זיך ארויס פון ווילדן טאנץ א יונגער,**
**מיט פייער אויגן.**
**שפרינגט ארויף אויף א סקאלע,**
**מיט א פאקעל אין האנט.**

**בעגייסטערטע:**

— דער באליבטער!
— דער באליבטער!
— דער באליבטער!

**קלינגט זיין שטימע מעכטיק:**

## „גלאָסן"

— איך!
איך!
איך!
אַ וועלט פאַר זיך!
בלוט, פלייש און ביינער,
אויגן, ליפּן, ציינער...
אַ חיה ער, אַ חיה אַזאַ...
דו!
דו!
דו!
אַ וועלט פאַר זיך!
בלוט, פלייש און ביינער,
אויגן, ליפּן, ציינער...
אַ חיה זי, אַ חיה אַזאַ...
זידן בלוטן...
ברענען פליישן...
דרוקן ביינער...
קנייטן פינגער רונדע גלידער...
בייסן ווייסע לייבער ציינער...
זענען ענט און פיס געפלאָכטן...
זינקען גלידער טיף אין גלידער,
שאַפן ער און זי מיט פייער
אַ חיה אַזאַ...
אַ חיה אַזאַ...
ווערט אַ גייסט אַריינגעבלאָזן
אין דער חיה —
ווערט אַ וועלט!
אַ וועלט!
אַ וועלט!
ברענט אַ זון אין ברוסט —
אַ האַרץ!
שוועבט אַ שוואַרצער וואָלקן —
שטימונג!
בלויזט אַ שטורם —
ליידענשאַפט!

בליצן צוקן —
שפיז־גערֿאנקען!
זילבער בלויע שטערן —
אויגן,
שפּינגלען אָפּ זיך
אין געפילן,
וואס עס גיסן זיך פון זעלע
טיפע ימען־שטראָמען...
איך!
איך!
איך!
אַ וועלט פאר זיך!
קאן מען דען אַ זון פארלעשן?
טרוקן מאכן טיפע ימען?
קאן מען דען פארווערן בליצן
צוקן, שיסן פלאמען?!
איך!
איך!
איך!
אַ גייסט פאר זיך!
לעב איך — לעבט עס!
שטארב איך — שטארבט עס!
וועלטן זינקן אויך אין תהום...
שאַף איך היינט,
וואס מיר געפעלט!
איך בין אַ וועלט!
העי! העי!
מישט אייך אוים צוזאמען
זונען!
בלויע פלאמען־פאסן בליצן!
לאזט אייך דרייסט ארוים
מיט שטורמען...
טרייבן, פליהען, רייסן, שמיצן!
פרייע! פרייע!
בליצן צוקן!

זונען פאַלן אין די ימען!..
קלאַפּן צו די דונער־פּויקן...
גיסן, פליסן גליקן שטראָמען!
העי! העי! העי!
זאָלן וועלטנס טענער הילכן
אין אַ פריי זינג־זאַנג געשריי!
איך!
איך!
איך!
אַ וועלט פאַר זיך!
העי, העי! העי, העי!
העי! העי!

הילכן אָפּ זייערע געשרייען אין די בערג:
העי! העי! העי! העי!

באַווייזט זיך צווישן די סקאַלעס אַ פרוי אין אַ רויטן מאַנטל. פאַרמאַסקירט.
באַמערקן זי די יונגע:
— ווער איז זי?
— מיט אַ מאַסקע אויף איר פּנים...
— איר געשטאַלט איז אַזוי קענטליך...
— אַ, ווי אירע אויגן ברענען!
— זי איז שיין...
— און שמייכלט ליבליך...
— פרעג איר נאָמען.
— לאָמיר פרעגן!
— לאָמיר פרעגן!
רינגלען זי אַרום.
— ווי איז דיין נאָמען?
— פון וואַנען קומסטו?
ענטפערט שטאָלץ:

— איך קום צו אייך פון „רויטע גלאַסן"
איך קום צום פרייען בען־כאַריף.
— צו בען־כאַריף!
— צו בען־כאַריף איז זי געקומען...

— בען־כאריף!
— בען־כאריף!

**צילויפן זיך.**
**פרינא מיט זיי.**

**דערנענטערט זיך בען־כאריף:**
— בען־כאריף בין איך, מיין ליבע...
ווילסטו עפעס זאגן מיר?
נעם אראפ די רויטע מאסקע,
זאג דיין נאמען און דיין ווינש.

**זי:**
— איך בין די, וואס אלע ליבן.
איך בין די, וואס אלע זוכן
צו פארכאפן און געווינען.
אלטע און יונגע,
מיאוסע און שיינע,
קלוגע און נארישע
באגערן מיין לייב און שמייכל,
מיין הארץ און זעעלע...
ווער עס האט מיך
איז א הערשער,
אבער איך א שקלאף צו מיר...
איך ליב אלע,
און ליב קיינעם.
און איך קום יעצט אויך צו דיר.
איך קאן אלעם!
איך בין מעכטיק!
ווערסט מיך האבן —
ביזטו א גאט!
בען־כאריף! דו קאנסט באזיגן...
נעם מיך!
זיי מיין הער און שקלאף...
**בען־כאריף:**
— איך ליב מיין פרינא...
מיין פרייע־פרינא...

זי:

— פרייע־פרינא ?!
כא־כא־כא!

בען־כאריף:

— יא. . פרייע־פרינא..
זי איז מיין טרוים...
מיין ליכט, מיין ליבע!
זי איז מיין זיסער שיינער חלום...
דער חלום פון דער גאנצער וועלט..
איר לייב איז ווייס, ווי שוים אויף כוואליעס,
איר זינגען קלינגט, ווי גלעקאלאך...
ווי גלעקאלאך פון גאלד און זילבער
אויף גרינע פעלדער, אויף הויכע בערג...
אירע אויגן ווארפן זונען שטראלן,
זי שמייכלט — ווערט די זון פארשעמט..
איר טאנצן צויבערט און פארכישופט...
אויף פליגל שוועבט זי אין דער לופט...

זי:

— א, בען־כאריף! א, בען־כאריף!
דו ביזט א טרוימער! דו ביזט נאך יונג.
דו דענקסט ביזט פריי,
און פארט א שקלאף...
א שקלאף, ווי אלע טרוימער זענען.
נו, טרוים פון איר!
עס טרוימען אלע...

בען־כאריף:

— א שקלאף ?! א, ניין!
אויב האבן טרוימען, אידעאלן —
הייסט זיין א שקלאף צו זיי אליין,
צו וואס דאן קעמפן?
צו וואס דאן שטרעבן?

זי:

— אלע מענשן זענען שקלאפן,
נאר נים אלע צו דעם זעלבן.
שוואכע שקלאפן צו די טרוימען,

וואָס זיי קאָנען אין זייער לעבן
ניט פאַרווירקליכן, נאַראָנים...
שטאַרקע שקלאַפן צו די פאַקטן,
צו דער ווירקליכקייט פון לעבן.
און זיי נעמען דאָס וואָס שוואַכע
זעען אימער נאָר אין טרוימען.
די יונגע שקלאַפן צו געפילן,
די קלוגע שקלאַפן צו זייער מח...
כאַ־כאַ! דו ווילסט?
דאַן שקלאַף צו ביידע.
דיין ים געפילן לאָז פאַר פרינאַ,
דיין מח און שטאַרקן גייסט — פאַר מיר!

רייסט אראָפּ די מאַסקע און וואַרפט אראָפּ דעם מאַנטל. בלישטשענדע בריליאַנטן און אַ שווערד פינקלען אראָפּ פון איר האַלב נאַקעטן קערפּער.

בען־כאַריף:

— כאַ־כאַ! איך האָב געוואוסט,
אַז דאָס ביזטו — נאַנאַ...

נאַנאַ:

— יאַ... נאַנאַ!
דאָס בין איך — נאַנאַ!
מיט אַלעם אַפּפערן די מענשן
צי האָבן און געווינען מיך...
און דו! דו יונגער שענער טרוימער,
וואָס וואַרטסטו נאָך!
נעם מיך געשווינד און פּרעס מיך שטאַרק
מיט דיינע אַרמס צו דיין ברוסט...
טרינק אויס פון מיר דעם זיסטן קוש...
פאַרברען מיך מיט דיין לײַדנשאַפט,
ווייל דו, נאָר דו בעאַלטסט דאָס פייער,
וואָס קיינער האָט עס ניט אין זיך!...

בען־כאַריף:

— ניין, ניין, נאַנאַ! ניין, ניין!
איך קאָן ניט ליבן אַזאַ באַשעפעניש, ווי דו.

איך ליב מיין פרינאַ... מיין פרייע־פרינאַ.
און זי בעגייסטערט מיך. נאָר זי..

נאנא:
— דו וועסט זי פאַרט פאַררעטן, ליבער.
צו אלעם מוז אַנ'ענדע זיין.

בען־כאריף:
— אוועק פון מיר! איך וויל ניט זען
דיין רייץ, דיין לייב און דיינע אויגן!
דו ביזט אַ שלאַנג!
דיין וואָרט איז גיפט...
אוועק, אוועק פון מיר, נאנא!
דיך קאנען ליבן נאָר די הערשער...

נאנא:
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
איך האָב זיי ביידן יעצט פאַרראַטן...
אזוי איז מיין נאַטור, כאַריף.
ווען הערשער צוויי פארליבן זיך
און פאנגען אָן אַ קאַמף פאר מיר,
דאַן לויף איך אימער צו אַ דריטן.
איך וועל פארבלייבן דאָ מיט דיר,
ביז עס וועט מיר נימאס ווערן.

וואַרפט איר אַ בליק פול מיט עקל.
גייט אוועק צו דעם ים.

נאנא בלייבט אליין.
קוקט זיך ארום.
כאַפּט ארויס די שווערד, פּאַכט מיט איר אין דער לופט
און פאנגט אָן אַ ווילדן טאַנץ.
פון אלע זייטן, פון אונטער די סקאַלעס און שטיינער
קוקן ארויס די יונגע.
רעדן שטיל:
— אַ ווילדע קאַץ...
—אַ בלוטדורשטיקע בעסטיע...
— קוקט, ווי די שווערד בליצט אין אירע ענט!
— זי וויל בלוט! בלוט וויל זי!

— קוקט! קוקט! א פלאם פון צארן !..
— ווי ווילד זי טאנצט !
— ווי ווילד זי טאנצט...
— — — — — —

איר טאנץ ווערט שטילער.
די באוועגונגען שוואכער...
לאזט ארויס די שווערד פון דער האנט און פאלט אהין

מאכט אויף דער ערד.
שטימען:
— זי פאלט !
— זי פאלט !
— זי איז געפאלן !
— זי איז געפאלן !
— געפאלן ! געפאלן !
לויפן ארויס פון די סקאלעס.
לויפן צו צו איר.
קוקן זיך איין אין איר.

שטעלט זיי אפ בען־כאריף מיט א באוועגונג פון האנט.
גייט צו צו איר.
קוקט אויף איר א ווײַלע.
לאזט זיך אראפ נעבן איר.
נעמט איר קאפ מיט זײַנע ענט.
זי לעבט אויף.

נאנא:
— בען־כאריף! מײַן ליבער בען־כאריף !
נעמט זי אויף זײַנע ענט. טראגט זי אוועק אונטער
א סקאלע.
פארדעקט זי מיט זײַן מאנטל.

בלײַבט שטען נעבן איר פארטראכט.
נאנא:
— דו צווייפלסט אין מיר, מײַן ליבער הערשער?
דו טרוימסט נאך אלץ פון ווײַסע שוים,
וואס כוואליעם שאפן ?

„גלאקן"

א, פארגעס אין פרינא!
פארגעס אין איר!
מיין ליב און זעעלע
ליגן דא פאר דיר
ביי דיינע פיס...
נו, נעם מיך שוין! נו, נעם מיך שוין!
און מעכטיק דריק מיך צו דיין ברוסט...

כאפט זי אין זיינע אָרמס, ווי א ווילדער.
בייסט זיך איין אין איר ליב מיט זיינע ציין.
דריקט זי צו זיך.
שטויסט זי באלד אפ, און פאלט ווידער צוריק צו איר ליב...

קוקט ארויס פרינא פון אונטער א סקאלע.
קוקט אויף זיי א ווײלע, און ווערט פארשוואונדן.
בעז־כאריף:

— א, דו רייצענדע און שרעקליכע נאנא!
פארדעק דיין ליב...
איך וויל ניט זען דיין נאקעטקייט,
וואס וועקט מיין ליידנשאפט,
און טומעלט די געדאנקען...
דיין קוש איז סם...
דיין ליב א פלאם,
וואס כאפט ארום
דאס הארץ און זעעלע,
און וועקט מיין דורשט
נאך בלוט... נאך בלוט...
א ווילדע חיה וועל איך ווערן!
און בייסן דיך.
און קניימן דיך...
ווי דו האסט ליב,
ווי דו באגערסט...
און וועל מיין ליידנשאפט אויסלעשן
מיט בלוט, מיט בלוט!..

מיט רויטן בלוט!
און דאן וועל איך פארברענגען דיך...
דיין אש פונאנדערבלאזן ווייט,
אין אלע עקן פון דער וועלט...
דו וועסט ניט זיין,
ניט הערשן מער,
און מער ניט רייצן מיט דיין לייב,
וואס האט קיין הארץ,
און דורשט נאך בלוט.
און איך וועל ליבן
נאר מיין טרוים...
מיין שענעם חלום,
מיין פרייע־פרינא...

נאנא:

— כא־כא־כא־כא!
מיר וועלן זען!
מיר וועלן זען!
כא־כא־כא־כא!

דריקט אים צו זיך, ארומנעמענדיק אים מיט אירע ווייסע הענט, ווי מיט שלאנגען.
קוקט אויף אים מיט א זעלבסטצופרידענעם שמייכל.

פון ווייטנס הערט זיך דאס רוישן פון יונגע, וואס ווערט אלץ שטילער און שטילער.

קלינגט מיט ליידענשאפט איר שטימע:
— בען... מיין ליבער בען־כאריף...
נעם ארום מיין לייב
מיט דיינע שטארקע הענט...
קום... קום צו מיר, כאריף!

בען־כאריף:

— איך ציטער, ווען איך פיל דיין האנט...
זי ברענט און קלעפט זיך,
ווי פון בלוט...

נאנא:

— נו, קום צו מיר!..

נו, קום צו מיר...

שלעפט אים צו זיך.
לאָזט זיך אראָפּ נעבען איר.
זי לעגט זיין קאָפּ אויף אירע קניע.
לאַכט שטיל. גלעט זיינע האָר.
— מיין שיינער העלד,
מיין גרויסער העלד...
שלאָף איין.. שלאָף איין..
מיין גרויסער העלד.
איך וועל דאָ ליגן נעבן דיר,
דיין קאָפּ צו מיינע ברוסטן דריקן,
אַ חלום שעפּטשען דיר אין אויער...
און שיינע טרוימען פאַר דיר וועבן...
איך וועל דיך שטיל פאַרוויגן, ליבער...
אין שטערן קושן, אַ ליד דיר זינגען,
שלאָף איין מיין העלד.. מיין שווערד איז טריי..
שלאָף איין...

— — — — — —

שוועבן מחנות דרייסטע הערצער
צו די גלאָקן.. צו די גלאָקן..
זיי צושמעטערן די אַלטע..
שמעלצן זיי, און נייע שאַפן...
דרייסטע הערצער!
אַדלער הערצער!
רייסן שטערן פון דעם הימל..
ווערן שטערן אויסגעלאָשן,
וואַכן מענשן אויף פון דרימל..
בלי־בלומען שפּרעטן כוואַליעס דופטן...
קלינגט צאַרט און ריין אַ האַרץ זינג זאַנג...
נאָר איינער שיינט — דער מאָרגנשטערן,
און שווימט אַ ווייטער גלאָקן קלאַנג...
וועקט ווידער יונג אַן'אַלטער טרוים,
און רייצט און ציט מיט ווייסער שוים...
טרינקען מענשן שוים — אַ טרוים...

קאַן מען לעשן דורשט מיט שוים?
קום איך דאַן מיט מיינער פּראַכט,
רייץ זיי מיט אַ ווייַן פון מאַכט...
די מאַכט!
די מאַכט!
זי רופט אין שלאַכט,
און וועקט אין זיי דעם ווילדן ברומ,
וואָס דורשט נאָך בלוט...
נאָך הייסן בלוט...
פאַרשווינדן ווערט אַ שענער טרוים...
קאַן מען לעשן, דורשט מיט שוים?
מיין שענער העלד, מיין גרויסער העלד...
שלאָף איין...

פאַנגט אָן שטיל אַ ליד אהן ווערטער.
ווילדע, ליידענשאַפטליכע, פאַנטאַסטישע טענער טראָגן זיך, ווי פון טיפע טהאָלן צו הויכע בערג.
שווימען צווישן וואָלקנס, פאַלן אַראָפּ צוריק אין טיפע אָפּגרונטן — דריקן — ציהען — נאָגן...
וויגן .. וויגן...
ווערן שטילער... שטילער...
הערן זיך נאָר טיפע אָפּקלאַנגען פון אַ מעלאָדיע,
אַ מעלאָדיע פון ים...
באַפרייט זיך שטיל.
כאַפּט די שווערד, קריכט צוריק צו אים, ווי אַ שלאַנג,
לעגט זיך נעבן אים און קוקט אויף אים מיט אַ ווילדער פרייד.
שעפּטשעט שטיל:
— מיט בליצן צוויי
וועל איך דיין ליכט
אויסלעשן פון די אויגן...
און דו וועסט זיין אַ טרייער קנעכט,
אַ בלינדער קנעכט צו מיר — נאַנאַ!
צוויי בליצן שניידן דורך די פינסטערניש און מיט אַ געשריי פון ווייטיק און צאָרן שפּרינגט אויף כאַריף מיט

אויסגעשטאָכענע אויגן.

— — — — — —

נאַנאַ:

— שוין... שוין... כאַ־כאַ!
— שוין... שוין... כאַ־כאַ!
די שווערד איז פלינק,
די שווערד איז טריי.
שוין.. שוין, באַריף...
דו ביזט מיין שקלאַף!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

זוכט זי מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
לויפט צו צו אים.
לעגט אריין די שווערד אין זיין האַנד, און ווערט פאַר־שווינדן מיט אַ ווילדן געלעכטער.

בען־באַריף בלייבט אליין מיט דער שווערד אין זיין האַנט.
פאַכט מיט איר אין אַלע זייטן, זוכנדיק עמיצן דורכצו־שטעכן.
רוקט זיך שטיל צווישן די שטיינער און סקאַלעס, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה, וואָס גרייט זיך דעם לעצטן שפּרונג צו טאָן.
בלייבט שטעון אויף אַ ווײַלע.
קוקט זיך צו מיט זיינע צוויי שוואַרצע בלוטיגע לעבער צו עפּעס אַ סקאַלע פון וועלכער עס באַווייזט זיך, ווי אַ נעבעלדיקער וועזן דאָס ווייסע בלייכע פּנים און נאַקע־טער קערפּער פון פרינאַ...

— באַריף... ליבער בען־באַריף...
מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ שטעכט ער אריין די שווערד אין איר לייב.
שטיל, ווי אַ ווייטער שאָטן, פאַלט זי צו זיינע פיס און זיין צופרידענער ווילדער געלעכטער הילכט צווישן די פינסטערע סקאַלעס. הילכט מיט ווילדער נקמה.

---

פירטע בילד



הבל הבלים הכל הבל.
קהלת.

א שטורמדיקע נאכט.

טריב אן יאמערדיק סקריפן און וויינען די בוימער, שאק־
לען זייערע אלטע צווייגן, ווי פארצווייפלטע ריזן.

עס ווייזט זיך, עס באקלאגן די שווארצע בוימער מיט
זייערע גייסטהאפטע געשטאלטן, דעם אלטן קלויסטער,
וואס מאהלט זיך פון ווייטנס, ווי א טונקעלער געהיימ־
ניספולער גיגאנט.

פארפוילטע בלעטער פליהען און דרייען זיך אין דער
לופט, ווי פארלוירענע פויגעלאך, וואס קאנען זייערע
נעסטן נישט געפינען.

שווארצע וואלקנס טראגן זיך, יאגן זיך איינער נאך דעם
צווייטן...

בלייך און דערדשראקן כאפט א בליק די לבנה פון צווישן
די וואלקנס...

א נאכט פויגל וויינט ערגעץ וואו אין דער טיפקייט פון
וואלד...

אויף א באנק ארומנעמענדיק די פיס מיט זיינע לאנגע
דארע הענט, זיצט עמיצער.

זיינע לאנגע גרויע האר זענען צושויבערט און ווערן
פונאנדערגעבלאזן פון דעם ווינט.

איינגעהילט אין זיין מאטל זיצט ער אונבאוועגלאך און
קוקט אין דער ווייטקייט, ווי א בלינדער, וואס זעט נישט
גארנישט פאר זיך:

רעדט צו זיך אליין:

— ווער בין איך?
וואָס בין איך?
וואָס לעב איך?
וואָס שטאַרב איך?

— — — — — —

ווענדט זיך צום נאַכט פויגל, וועמעס ווייענדיקער געלעכטער הערט זיך אין וואַלד.

— לאַך... לאַך...
וויין און לאַך.
אי־כאַ־כאַ־כאַ! אי־כאַ־כאַ־כאַ!
דיין געלעכטער איז אַ געוויין,
און דיין וויינען איז אַ געלעכטער...

— — — — — —

דומער, דומער מענש!
דו ביזט, ווי דער פויגל.
זעסט נים גאָרנים ביי דער ליכט...
זעסט און וויינסט נאָר, ווען ס'איז פינסטער..

— — — — — —

צווישן די בוימער באַווייזן זיך צוויי, איינגעהילט אין זייערע מאַנטלען, וואָס דער ווינט רייסט פון זייערע לייבער.

דערזעענדיק עמיצן אויף דער באַנק, בלייבן שטען.

— ווער איז דאָס? דו זעסט
עמיץ אויף דער באַנק...
אין שאָטן דאָרט...
— איך זע, איך זע...

קומען צו נענטער:

— דאָס איז ער — דער פעסימיסט...
— דער וואָס שרייבט די לידער,
און וואָס שעלט דאָס לעבן אימער?
— יאָ... דאָס איז ער.
— ווי אַ בייזער שוואַרצער פויגל

זיצט ער זיך אין שאטן דארט...
— אימער גענט ער אום אליין.
לויפט פון מענשן, ווי א וואלף.
— ער קוקט צו אונז. א, וואס פאר אויגן!
אין דער פינסטער ברענען זיי, ווי משוגענע...
איך ציטער פאר זיין בליק. וואס דרינקט דורך
ווי א שפיז...
— ער איז, ווירקליך, ווי משוגע...
אבער אפטמאל טראכט איך,
אז משוגע זענען אלע,
און דער קלוגסטער איז נאר ער.

קומען צו נענטער:

— א בייזער ווינט.
— ער רייסט די מאנטלען,
ווי א בייזער שלעכטער הונט...
בלייבן שטען געגן פעסימיסט.
פעסימיסט, סארקאסטיש:
— האט איר עפעס דא פארלוירן
צווישן ביימער אין דעם וואלד?
אדער איר האט ליב צו הערן,
ווי עס קרעכצט און יאמערט דא?
אפשר זענט איר נאר פאעטן,
וואס זיי זוכן שטימונגען
אין דעם שטורם, אונטער וואלקענס?
ווארט איר אפשר אויף געליבטע,
וואס איר וועט זיי אין דעם טעמפל
אויף די טרעפ אין שטילהיים קנייטן...
דריקן פלייש צו פלייש, און ברענען
אין א פאראקסיזם פיבר?
אדער אפשר זענט איר גייסטער?
א? כא־כא־כא־כא־כא!

געקומענע קוקן זיך איבער.

— איך וויים. איך וויים, וואס טראגט אייך

אַלע אַהער צום קלויסטער אין דעם שטורם...
אַ אומעט טראָגט איך אַלע אַהער.
אַ זוכעניש, אַ בענקעניש נאָך עפּעס,
וואָס זאָל פאַרטראָגן אייער נשמה
אין ווייטע ווייטן.
און וואַרפן זיי אין אַן עקסטאַז
פון זיסע טרוימען און חלומות
אין וועלכע איר געפינט אייער טרייסט.
איך וויס. איך וויס...
איר מוזט אין עפּעס אימער גלויבן.
איר מוזט זיך שאַפן העלדן שיינע
אין וועמען איר זאָלט קאָנען גלויבן.
ווייל גלויבן מאַכט אייער לעבן זיסער.
איך וויס. איך וויס.
איר ליבט די שטורמען, און איר דענקט,
ס'איז ווערט דאָס לעבן,
וואָס פאַרשכורט איך, ווי ווייך...
אַ ? כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !

איינער ענטפערט שטיל אנדרייסטליך:
—מיר זענען אַהער געקומען זען
דאָס פאַלן פון דעם טורם.
דער צווייטער:
— היינט וועט פאַלן דאָ דער טורם
פון דעם שטורם, זאָגן אַלע...
פעסימיסט:
— און דאָס פאַלן וועט איך שאַפן
שטימונגען, וואָס רייצן, צינדן,
און דערהויבן די נשמות,
און פאַרטראָגן אין געפילן,
ווי דער ברייטער טיפער הימל...
און צו מאָרגן וועט איר ווידער
בויען שוין אַ נייעם טעמפּל...
נייע געטער וועט איר האָבן,
און וועט ווידער גלויבן, גלויבן.

ווידער זוכן, ווידערי בענקען
נאָך א שטורם. נאָך דעם פאַלן.
און די אייביקע באַוועגונג —
וועט איר לעבן רופן... — לעבן...

דער נאכט פויגל לאכט און וויינט ערגעץ אין דער טיפקייט פון וואלד.

צוויי אנדערע באווייזן זיך.
קומען נענטער.
— א, עס וועלן פילע קומען...
קיינער וויל ניט דורכלאָזן
זען דאס פאלן.
— פון דערווייטנס זאלן מיר שטען
עס זאָל אויף אונז ניט פאלן עפּעס.
— אַ, א ווינט!
— א בייזער ווינט...

זעצן זיך אויף א באנק.

נאָך צוויי קומען:
— עס קאן נאָך אויפהערן דער ווינט
און דער טורם וועט ניט פאלן.
— ער ווערט אלץ שטארקער יעדע רגע
און דאס פאלן איז אונפערמיידליך...

זעצן זיך אויף א באנק.

דריי אנדערע קומען.
ערשטער, אין א רויטן מאנטל:
— מענשן רעדן! יונגע פלאפלען...
וואס פארשטעען זיי די יונגע!
און אז א שטורם?! און איז א שטורם?!
מוז ער פאלן? מוז ער פאלן?
צווייטער:
— די באלקנס זענען דאָך פארפוילט.
ערשטער:
— א! פארפוילט!.. אזוי פיל שטורמען

שוין געווען — און ניט געפאַלן!
ער וועט נאָך שטיין דער הויכער טורם,
און פילע שטורמען וועט ער זען,
און זיך ניט רירן פון זיין אָרט,
ווייל זיין באַרן איז א שטאַרקער
און געבויט פון שטאַרקסטע שטיינער!

דרימער:

— דו זעסט דאָך, אַלע קומען זען
דעם טורם פאַלן...

ערשטער:

— זיי קומען זען!
אַ, נישטיקע, פאַרפלוכטע, פוסטע מענשן,
וואס טרוימען נאָר צו זען דאס פאַלן
פון גרויסע מעכטיקע גיגאַנטן!
אַ, קליינינקע פאַרדאַרבענע נפשות,
וואס שטרעבן נאָר צו פאַרגעניגן,
דו זעלבסט באַפרידיגונג און תאוה,
און זעען ניט, אַז גייסטיק הויכע ריזן,
וועלן אימער שטיין, ווי גיגאַנטן
געגן זיי — די קליינע ווערעם,
וואס קריכן, ציטערן אין שטורמען!
זאָלן זיי, וואס לויפן אַלע
זען דאס פאַלן פון די גלאָקן,
בעסער סטאַלבעם נייע ברענגען!
מיט די אַקסלען אונטערשטיצן,
אונטערהאַלטן דיזע ווענט...
און ניט שטען פון דער ווייטן
און פּלאַפּלען רעדן, פּלאַפּלען, רעדן!

צווייטער:

— ביזט דאָך אָבער אויך געקומען
זען, וואס אַלע ווילן זען.

ערשטער:

— ניט דאס פאַלן פון די גלאָקן
בין איך אהער געקומען זען!
איך וועל באַלד ארויף צום טורם

אין די גלאָקן װעל איך קלינגען !
אלע עקן װעל איך װעקן !
און די גלאָקן װעלן העכער,
שטאַרקער קלינגען אין דעם שטורם...
זאָלן זיי ניט גלויבן קיינעם,
אַז די סטאַלבעס זענען פוילע !
רויטע גלאָקן, רויטע קלאַנגען
װעלן אימער קלינגען, רופן
די פאַרבלאָנדזעטע, װאָס קאָנען
ניט געפינען זייערע װעגן !

דרימער:

— װילסט קלעטערן צום טורם
אין דעם װינט ! אין אַזאַ שטורם ?!

ערשטער:

— יאָ. איך װיל...

ארומיגע:

— דו הערסט ! דו הערסט !
— ער איז משוגע !
— ער װיל ארויף צום טורם גיין !
דאָס לעבן, װייזט אויס, איז אים נימאס.
— עס מוז זיין גוט דאָרט
אויף דעם טורם !
— עס מוז פאַרכאַפּן דאָרט דעם אָטהעם.
— פון דער הויכקייט אַראָפּקוקן
אויף די קליינע מענטשעלאַך
מוז עס זיין אַ פאַרגעניגן !
— אָבער פאַלן ! פון דאָרט פאַלן !
ס'מוז זיין שרעקליך ! ס'כאַפּט אַ שוידער.
— איך װאָלט געװאָלט ער זאָל נאָר פּרוּװן.
— אַזאַ באַרימער !
— אַ מעשוגענער !
— קלינגען װיל ער ! ענגט אים בעסער !
— ענגט אים ! ענגט אים !

ערשטער:

— איך בין ניט משוגע, מענטשן !

## „גלאָקן"

דויטע גלאָקן מוזן קלינגען!
הערט! עס קלינגט! עס קלינגט!
עס קלינגט!

עס הערט זיך פּלוצים פון הויבן פאַרטויבטע קלאַנגען,
עס ווייזט זיך עס קלינגט, און עס קלינגט נים.

איניקע דערשראָקן, אנדערע ווי אויפגעלעבט:
— איך הער. איך הער...
— איך הער נים. גארנים..
— עס קלינגט! עס קלינגט!
— איך הער אויך.
— איך אויך...
— רויטע קלאַנגען... רויטע קלאַנגען.
— שווארצע קלאַנגען — שווארצע קלאַנגען...
— אבער פאַר וואָס הער איך גארנים?!
— ווייל עס גיסן זיך צוזאמען
מיט דעם שטורם אלע קלאַנגען...
— עס ווייזט זיך נאָר, אז עפּעס קלינגט.
— דער אלטער קלינגט! דער אלטער קלינגט!
— געגוג פאַרטויבט אונז מיט די קלאַנגען!
— נידער מיט די רויטע גלאָקן!
— נידער! נידער!
— שלעפּט אראָפּ מיט שטריק די גלאָקן!
— צום טורם קומט!
— צום טורם!
— טורם!
— קומט! קומט!

לאָזן זיך צום טורם.

ערשטער, אין דעם רויטן מאַנטל, פאַרשטעלט זיי דעם וועג:
— שטעט! בלייבט שטען, אַ, יונגע!

געשרייען:
— וואָס ווילסטו?!
— משוגענער!

— פאַררעטער!
— וועק פון וועג!
— ענגט אים! ענגט אים!

איינער, פּלוצים:

— נאבאט! ס׳איז נאבאט!

שטימען:

— נאבאט?! נאבאט?!..

נאבאט:

— הערט צו, יונגע!
דאָרט פון ווייטן מיט אַ שטורם
קומט כאריף מיט זיין נאַגאַ!
איך בין אויך געווען אַ שקלאַף
צו איר רייץ און לייב, און זעעלע,
און איר שקלאַף איז יעצט — כאַריף!
און אויך איר זענט אירע שקלאַפן!
אָבער ער קושט אירע ברוסטן,
און איר קושט נאָר אירע טריט!
היט זיך יונגע, פאַר דעם שטורם!
היט זיך, יונגע, פאַר די נעצן!
בען־כאריף איז אויך אַ גלאָק,
וואָס זינגט אַראָפּ נאָר שווארצע קלאַנגען!

געשרייען פון פאָלק פארטויבן זיינע לעצטע ווערטער:

— ביזטו בעסער, רויטער הערשער?!
— האָסטו אונז געגעבן גליק?
— שוין געהערט אַמאָל די רייד!
— בען כאריף איז אונזער פירער!
— זיין געליבטע איז פרייע־פרינצע!

נאבאט:

— בען־כאַריף איז בלינד געוואָרן,
און ער דרעט זיך אָהן אַ וועג!

געשרייען:

— נידער מיט נאבאטן!
— נידער מיט די גלאָקן!
— וועק פון וועג!

## „גלאָקן"

— לעבן זאָל בען־כאריף!
— נידער מיט נאבאטן!
— שלעפט אים אוועק פון דארט!
— רייסט אויס זיין טרוקן האַרץ,
און ווארפט עס אין א פייער אריין!
— שיקט א בליץ אין זיין נשמה!
— נידער! נידער מיט נאבאטן!
— ענגט אים!
— דערשטיקט אים!
— שטריק! שטריק!

אַ ווילדער בארג פון מענשן ווארפט זיך ארויף אויף נאבאטן,
און ער ווערט פארפאלן אונטער זיי.
דער בארג פאַלט אָפּ און לאָזט אים א פארבלוטיקטן.
פאלט ווידער אויף אים, ווי אַ ריזיגע כוואליע, און מיט ווילדע געשרייען שלעפן זיי אים אוועק צום טורם.

— — — — — — — —

באווייזט זיך בען־כאריף פון ווייטנס.
זוכט דעם וועג מיט אַ שווערד, ווי א בלינדער.
קומט צו נענטער.
בלייבט שטען.

— עס טראגט מיך צו דעם טורם.
צו דער הויכקייט, וואָס וועט פאלן
פון דעם שטורם...
דו הערסט מיךפרינא?
ביזטו דאָ מיט מיר,
מיין פרייע־פרינא?

הערט זיך אַ גיפטיק געלעכטער.

בען־כאריף:

— ווער לאַכט עס דאָ
מיט אזא בימערקייט און סם?
ווער לאכט עס? אַ?

פעסימיסט:

— דערקאַנסט מיך ניט, כאַריף?

בעז־כאַריף:

דו ביזט מיר קענטליך...
איך האָב אַמאָל געהערט
דיין שטימע.

פּעסימיסט:

— יאָ, דו האָסט געהערט מיין שטימע,
אָבער דו האָסט מיך פיינט געהאַט.
געטריבן אימער מיך מיט האַס,
ניט ליב געהאַט מיין קול און רייד.

בעז־כאַריף:

— וואָס טוסטו דאָ?

פּעסימיסט:

— איז דען ניט אַלץ איינס וואו צו זיין,
און וואָס צו זיין, כאַריף?
הייגט בין איך דאָ,
און מאָרגן דאָרט...
און אומעדום דער זעלבער טאָג,
די זעלבע נאַכט...
דאָס זעלבע נישטיקייט און פּוסטקייט.
דאָס זעלבע יאָגעניש נאָך עפּעס,
וואָס ווייסט ניט, וואָס עס איז אַליין...

בעז־כאַריף:

— דו ביזט אַ שוואַרצער פּעסימיסט.
דו ווילסט ניט זוכן ליכט און שיין.
דו זוכסט נאָר אימער שאָטנס טריבע.

פּעסימיסט:

— כאַ־כאַ־כאַ! די ליכט און שיין!
וועל איך שוין דאָן צופרידן זיין?
וועל איך שוין מער ניט זוכן עפּעס,
וואָס ווייס ניט וואָס עס איז אַליין.

בעז־כאַריף:

— דו ביזט גערעכט.
מיר זוכן אימער.
און עס פאַרשאַפט אונז גליק און פרייד

פאַרווירקלאַכן אַן אידעאַל.

פּעסימיסט:

— אַן אידעאַל!? כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
וואָס רופסטו, נאַר, אַן אידעאַל?
דאָס שטרעבן צו דעם עפּעס,
וואָס איז פאַר דיר אַן היילוקטום
און פאַר דעם צווייטן — דומהייט?!
אַן אידעאַל! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
דאָס איז דאָך נאַר אַ שטערן,
וואָס שיינט דיר אין דער פינסטער,
און ווערט פאַרשווינדן פון די אויגן,
ווען עס קומט די ליכט!

בען־כאַריף:

— דאַן — וואָס איז לעבן?
צו וואָס דאַן לעבן?

פּעסימיסט:

— לעבן...
לעבן איז דאָס, וואָס עס דרייט זיך און דרייט זיך
אָהן אויפהער פון גאָרניט צו גאָרניט, אַ מענש!
לעבן איז הבל־הבלים, אַ כאַאָס,
וואו עפּעס שאַפט עפּעס פון עפּעס צו עפּעס.
לעבן איז דאָס, וואָס דו קאָנסט ניט באַגרייפן,
וואָס טרייבט דיך און שלעפּט דיך
אין אייביקן וועג.
וואָס קאָנסט ניט אָפּשטעלן, און קאָנסט ניט פאַרמיידן,
און דרייט זיך אָהן אויפהער, ווי עס דרייט זיך
די ערד.

בען־כאַריף:

— און דאָס, וואָס איך דענק,
וואָס איך שאַף, וואָס איך פיל?
איז דאָס דען ניט לעבן?
איז דאָס דען ניט פאַרמעגן
פון דער עקזיסטענץ,
וואָס האָבן אין זיך אַ סיסטעמאַ,
אַ זין, אַ שאַפענדן גייסט.

וואָס עס פירט צו אַ ציל?

**פעסימיסט:**

— איך ווייס עס ניט, מענש!
און קיינער וועט וויסן
דעם ציל און דעם וועג
פון דער גייסט, אָדער קראַפט...
קאָן עמיצער זאָגן דעם אָנפאַנג פון לעבן?
קאָן עמיצער זאָגן דעם סוף פון איר וועג?
איך ווייס ניט. דו אויך ניט.
און קיינער וועט וויסן.
דו דענקסט און דו שאַפסט,
און דו פילסט, ווי דו ווילסט.
און אַלעס איז אויסגעטראַכט
אַלעס איז ליגן.

**בען־כאַריף:**

— מיר שטרעבן, מיר קעמפן
און זינגן.

**פעסימיסט:**

— וואָס פאַר אַ ווערט דיין קעמפן און שטרעבן,
אַז דו ווערסט צו גאָרניט.
און קאָנסט שוין ניט דענקן און שאַפן און גלויבן
און זען דעם פאַרפלוכטן, פאַרווירקליכטן טרוים.

**בען־כאַריף:**

— מ'קעמפט פאַר דער מענשהייט —
פאַר יונגע, וואָס קומען.

**פעסימיסט:**

— כאַ־כאַ! פאַר דער מענשהייט!
פאַר זיי! פאַר די יונגע,
וואָס טרוימען און שאַפן
און שטאַרבן דאָך אויך.
זיי לעבן דען אייביק?
זיי בלייבן דען יונגע?
זיי שקלאַפן ניט מער
פאַר דער מענשהייט, פאַר יונגע,
וואָס קומען און שטאַרבן,

ווי מיר און ווי זיי?

בען־כאריף:

— דיינע רייד זענען ביטער
און גיפטיק, ווי סם.

פעסימיסט:

— דער אמת איז ביטער.
אויב ס'איז פאראן אמת.
אויב ס'איז גאר אינגאנצן פאראנען דאס אלעם,
וואס מיר רופן אמת, און ליגן, און עטהיק,
און ליבע, און אפפער, אידעאל און געוויסן
ווייל יעדער האט זיינע אן אייגענע מיינונג
פון דעם, וואס ער גלויבט און וואס מען רופט אן מאראל.
נאבאם האט געשאפן מיט פאנאטישן גלויבן,
דאס אלעם, וואס ווערט יעצט פארניכטעט פון דיר.
און מארגן וועט קומען א דריטער פאנאטיק,
און שאפן, וואס איז שוין פארגעסן פון לאנג,
און עס דרעט זיך דאס רעדל פון טויט
און פון לעבן.
און וואס האט איר גענומען?
וואס האט איר געגעבן?

בען־כאריף:

— וואס איך האב געגעבן?
געגעבן א ברענענדיק הארץ צו דער מענשהייט,
געגעבן א טרוים פון די ליכטיקסטע שטראלן,
גערופן אין ימען פון שטימונגען טיפע,
באקלינגען מיט זינגענדע טענער די וועלט,
באפליגלט מיט שטורמען, באלויכטן מיט בליצן,
און וויט זייערע גייסטער פארטאגן אין הימלען
פון פרייהייט, פון גליק און פון ליבע.
און איך האב גענומען
די ליבע. די ליבע...
דאס געפיל, וואס איז ריין,
ווי די טוי אויף די בלומען.
וואס איז שען, ווי דער אויפגאנג
פון זון אין פרימארגן.

וואס באצויבערט די זעעלע
מיט גאָלדענע טרוימען,
און האָט ניט קיין אפגרונד,
און האָט ניט קיין זוימען.
וואָס פארטרייבט אלע ליידן און זארגן.

**פעסימיסט:**

— א דומער! א דומער!
דאס געפיל, וואָס עס רייסט זיך ארײן מיט א שטורם,
פון ליידענשאפט פייער, פון הייסן באַגער
צו קושן די ברוסטן, צו פילן די לייבער.
צוזאמען זיך דרוקן אלץ נענטער, אלץ מער.
און זינקען אין טיפקייט פון מיאוסן גענום,
און שעמען זיך כאפן א בליק,
און שפירן באוואוסטלאז דאס נישטיקע גליק,
וואס לאָזט אונז ענטוישט אין דעם זיג.
דאס איז ליבע? ס'איז גליק?
דאס געפיל, וואס ערוועקט אין אונז אלע געפילן,
וואסעם ברענט און עס פלאקערט
און מוז דאך אפקילן,
וואס פארבלענדעט די אויגן און מיר ווערן, ווי בלינד,
און מאכט פון דעם שטארקסטן א מאכטלאָזעס קינד
וואָס איז פריי, ווי א פויגל און געשמידט דאך אין קייטן...
און לייכטזיניק גייט עס פון איינעם צום צווייטן.
דאס געפיל, וואָס עס וואַרפט אונז פון צווייפל צו טרויער
און איז פאר דעם אייפער אן אָפענער טויער,
וואס מאכט אונז פאר קראנקע, משוגענע, טריבע...
דאס געפיל רופן מענשן — די ליבע.
א דומער מענש! א, בלינדער מענש!
דאס אלעס גייט איבער.
די נשמה ווערט טריבער,
פערצווייפלונג בלייבט בערג,
און שווערמוט, ווי גריבער.
צוליב דעם דארף מען לעבן,
און ברענען און שטרעבן?

## „גלאָקן"

בען־כאַריף:

— און דאָך ווילט זיך לעבן,
און טרוימען אַנוועיען די בענקענדע הערצער...
און גייסטיק דערהויבן זיך עבער און עבער,
און לעבן אין אייביקן האַרץ פון דער מענשהייט.

פעסימיסט:

— די מענשהייט פאַרגעטערט
דערנאָך צו פאַרדאַמען.

דער שטורם ברענגט געשרייען פון פאָלק:

— נידער מיט דעם טורם!
— נידער מיט די גלאָקן!
— נידער מיט נאַנאַ!
— נידער מיט נאַבאַטן!
— נידער!
— נידער!

פעסימיסט, סאַרקאַסטיש:

— דו הערסט? דו הערסט, ווי ווילד זיי שרייען,
און פאָדערן דעם טויט פון זייער נאַבאַט,
וואָס איז אַמאָל געווען די ליכט
פון זייערע קורצזיכטיקע אויגן?!
דו הערסט?! דאָס איז דאָס האַרץ פון מענשהייט
אין וועלכן דיין גייסט וועט אייביק לעבן!
גיי צו זיי! און גיס צוזאַמען דיין האַרץ
מיט זייערע שוואַכע הערצער!
גיי! און לאָז דעם שטורם שראַגן דיך אַהין,
וואוהין עס ציט דיין פייערדיקע זעעלע,
און לייכטזיניקע טרוימען און שעפערישער
גייסט!
גע צום שפּיץ! צום שפּיץ פון גליק!
און ווען דו וועסט דעם שפּיץ דערגרייכן,
דאַן קוק אַרונטער פון דיין הויכקייט.
און דו, דו בלינדער מענש,
דו וועסט דאַן ווידער זען.
דו וועסט דערזען דעם אָפּגרונט,
פון וועלכן דו האָסט אַרויפגעקלעטערט.

און דו וועסט זען, ווי מענשן ווערעם
קריכן, שטרעבן צו דער הויכקייט,
צו דעם שפּיץ, וואָס דו האָסט שוין דערגרייכט.
און דו וועסט וועלן אויסרייסן דיין האַרץ,
וואָס האָט אַזוי געברענט מיט פייער,
אַראָפּוואַרפן צו זיי, וואָס קריכן, קעמפן
און אַ ים פון בלוט, און זוכען דאָס,
וואָס דופסט דעם ציל פון לעבן,
וואָס רופסט אַן גליק.
און דו וועסט אויסשרייען:
משוגענע! משוגענע און בלינדע מענשן-ווערעם!
וואוהין קריכט איר? וואָס שטרעבט איר
צו דער הויכקייט, וואָס איז אָרום מיט
פּוסטקייט!
קוקט אַן מיין האַרץ,עס איז געשוואָלן.
עס ברענט שוין מער קיין פייער אין אים.
איר קאָנט עס טרעטן, אויף שטיקער רייסן,
עס וועט שוין מער קיין בלוט ניט טריפן
פון דעם, וואָס האָט אַמאָל געברענט
מיט ליבע צו דער מענשהייט.
הערסט! דו הערסט, ווי ווילד זיין שרייען?
נו גיי! נו גיי, און קריך מיט זיי
אין שמוץ און בלוט
צו דער פאַרפלוכטער זון,
וואָס ווערעם קאָנען ניט דערגרייכן!
בען־כאריף:
— אַ, שווייג, שווייג
דו שוואַרצער גייסט,
וואָס רייסט זיך אין דער זעעלע אריין
מיט שפּיזן גיפטיקע, און זויגסט
ווי אַ וואַמפּיר דאָס בלוט —
די ליכט, וואָס וועקט צום לעבן!
אַ, שווייג!
אונטער שוואַרצע וואָלקנס שיינט אַ זון.
אַ זון, וואָס איז דער קוואַל פון לעבן!

## „גלאָקן"

דער קאַמפּף, די שטרעבונגען,
די אייביקע באַוועגונג, וואָס זוכט אונשטערבליכקייט
פאַר לייב און זעלע,
די אייביקע פאַרשקלאַפּטע גייסטער,
וואָס זענען דאָך באַשאַפן פרייע —
דאָס זענען פייערדיקע, ליכט שטראַלנדיקע זונען,
וואָס וועלן קיינמאָל אויסגעלאָשן ווערן!
זאָל שטויב פון מיינע ביינער ווערן!
זאָל מאָרגן איך פאַרגעסן ווערן —
היינט
קלאַפּט נאָך מיין פּולס אין מיר
אין יוניסאָן מיט דער נאַטור,
וואָס ווייסט ניט פון קיין רוה!
עס פלאַקערט נאָך מיין גייסט אין מיר!
זאָל ליכטיק זיין!
וואו ס'איז דער טויט —
דאָרט איז אויך לעבן!
וואו ס'איז לעבן —
דאָרט איז קאַמפּף!
זאָל ליכטיק זיין!
צום קאַמפּף!
איך לעב!
זאָל ליכטיק זיין!
צום קאַמפּף!

לאָזט זיך אוועק צום טורם, וואו עס הערן זיך די געשרייען פון פאָלק.

ווילדע, באַגייסטערטע געשרייען.
אַלץ עכער און עכער געען זיי,
ווערן פאַרשלונגען פון דעם שטורם, ווערן ווידער געבוירן און פלוצים ווערט די שטורמדיקע נאַכט,
ווי פון אַ דונער צוטרייסלט, און געשרייען פון פרייד און שרעק טראָגן זיך פון דאָרט, וואו דער טורם איז געשטאַנען.

## מ. גיצים

**איניקע מיט פרייד, אנדערע מיט שרעק, לויפן פון דארט.**
**קאָנען קיין פלאַץ ניט געפינען, רעדן איינער צום צווייטן,**
**אויפגערעגטע, נערוועזע אין היסטערישן געלעכטער...**

— געפאלן — געפאלן...
— געפאלן איז דער טורם!
— בען־באריך האָט דעם טורם צוטרייסלט —
— און מיט דעם טורם ארונטערגעפאלן!
— ארונטערגעפאלן!
— אראָפגעפאלן!
— ניטאָ מער קיין גלאָקן!
— צושמעטערט די גלאָקן!
— באריך לעבט ניט מער...
— ער לעבט! ער לעבט!
— זיין גייסט לעבט מיט אונז.
— אין אונזערע הערצער לעבט ער.
— נאנא?
— וואס נאנא...
— ווער זאָגט נאנא! עס לעבט ניט מער **נאנא!**
— זי איז טויט!
— זי לעבט! זי לעבט!
— וואו איז זי? כא! וואו איז זי?
— זי איז אויף דעם טורם געווען
און מיט דעם טורם געפאלן!
— געפאלן! געפאלן!
— זי לעבט! זי לעבט!
— ווער וואגט עס! ווער זאָגט עס!
— זי איז נאָר פארוואונדעט!
— פארוואונדעט?!
— פארוואונדעט?!
— ווי אַ שלאנג — ווי אַ שלאנג.
— אַ פילקעפיקע בעסטיע.
— זוכט זי ארום! זוכט זי.
— זוכט זי. כא־כא!
— זי האָט אים בלינד געמאכט.
— ס'אליגן! ס'אליגן!

— זי האָט אַ שווערד אין זיין האַנט
אריינגעלעגט.
— ס׳אַליגן! ס׳אַליגן!
— ער האָט פרייע פרינא ערמאָרדעט!
— ווער וואגט עס! ס׳אַליגן!
ער האָט פרייע־פרינא געליבט
— ווער זאָגט עס פרינא?
— פרינא?! וואו איז פרינא?
און [illegible]ד.
— וואו איז פרינא?
— זי איז דאָ! זי איז דאָ!
מיט אונז און אין אונז.
— זי לעבט.
— וואו? וואו?
— ווער האָט זי געזען?
— כאַ־כאַ! דער בלינדער!
דער בלינדער האָט זי געזען.
— מיר וועלן זי קיינמאָל ניט זען.
ווייל זי איז ניט געוועזן.
— זי לעבט! זי לעבט!
איך פיל זי לעבט!
— זי איז נאר א שיינער טרוים.
— ווי שוים אויף כוואַליעס.
— כאַ־כאַ!
— אַבער אַ שטורם! אַ שטורם איז געוועזן.
— עס ווערט שוין שטילער.
— א בייזע נאכט געוועזן.
— א בייזע נאכט.
— ס׳איז נאָך ווייט צו טאָג.
— ס׳איז נאָך ווייט.
— אָ, ווי איך בין מיד!
— דער שטורם האָט מיך פארמאַטערט.
איך וואָלט יעצט געשלאָפן
און געחלומט פון עפעס שיינס...
— לאָמיר זיך לעגן.

— לאמיר זיך לעגן.
— אַ, מיד.
— איך בין מיד...

פילע לעגן זיך אונטער די בוימער.

אַנדערע קומען:
— עס ווערט שוין שטיל.
— עס ווערט שוין שטיל.
— קוקט זיי שלאָפן שוין.
— מיר זענען אויך מיד.
— נאָר ארויפקלעטערן דעם בארג
פארמאַטערט דיך אינגאנצן.
— וואָס האָסטו געקלעטערט?
— וואָס האָסטו געקלעטערט?
— איך האָב געוואָלט — דאָס פאַלן זען.
— נו, געזען, איז וואָס?
— איך האָב געזען און געפילט
אַ שרעק און פרייד.
— איז וואָס?
— איך וויים ניט.
— קיינער ווייסט ניט.
— און דאָך קלעטערט מען.
— איך בין מיד.
— איך בין אויך מיד.

לעגן זיך אונטער די בוימער.

אנדערע אונטער די בוימער.
— די נאַכט איז באלד פאַראיבער.
און וואָס וועט מאָרגן ברענגען...
— וועלן מיר אראָפגיין דאָרט אין טאָל,
און ווידער קוקן אויף דעם שפּיץ פון בארג.
— דער טורם איז געפאַלן.
— מ׳וועט א נייעם בויען...
— אַ נייעם?
— יא א נייעם..

ווערן אנשווינגן און דרימלען איין.
פרויען:
— איך האָב ליב געהאט צו הערן
די קלאַנגען פון די גלאָקן.
— נאָר א מענטש קאן שאפן קלאַנגען,
וואָס זיי וועבן אוים חלומות.
— אזעלכע גלאָקן, אזעלכע גרויסע
שענע גלאָקן.
— מענטשן וועלן נייע שאפן.
— לאָמיר שלאָפן...
— לאָמיר שלאָפן...
טוליען זיך צוזאמען. שלאָפן איין.
ערגעץ וואו הערט זיך נאך דאס מורמלען פון מענטשן,
וואָס ליגן אויף די בענק און אונטער די בוימער.
שטילער און שטילער ווערט אין וואלד.
נאָר פון וויטנס הערט זיך דער לעצטער געלעכטער גע־
וויין פון דעם נאכט פויגל.
פון דעם נאכט פויגל.
עס טאָגט.
דער שווארצער שלייער פון נאכט ווערט דורכזיכטיקער
און בלוילעכער.
ווייט, ווייט צווישן בוימער און וואָלקנס פארוויטעלט זיך
דער הימל, און ווי ליכטיקע פעדעם וועבן זיך איין די ליב־
טיקע שטראַלן, ווי גיגנאַלד, אין דער מילך־בלוילעכער
דורכזיכטיקייט.
עס ווערט ווי פון זיך אליין געשאפן א נאקעט פרויען
געשטאַלט, פארהילט אין דעם זעלבן מילך בלוילכן
שלייער.
ווייטע, ווייטע זילבערנע קלאַנגען גיסן זיך צוזאמען מיט
עפעס א וואונדער שענע מעלאָדיע... א מעלאָדיע פון
צווישן טאג און נאכט...
און זי באוועגט זיך און טאנצט אונטער די זילבערנע
קלאַנגען, אונטער ווייטע קלאַנגען פון פלייטן און הארפן,
און שוויימט איבער שלאפנדע, ווי א זיסער חלום ווי אן
אונגלויבלעכער טרוים...

שטיל רעדן די מענשן פון שלאף:

— עס קלינגען גלאָקן.
— שענע, זיסע קלאַנגען.
— רויטע, רויטע קלאַנגען.
— עס קלינגט שוין ווידער.
עס לאָזט ניט שלאָפן.
זינגענדע קלאַנגען.
וועקן, רופן, לאָזן ניט שלאָפן.
— ווער מאַנצט עס?
אַ, ווער מאַנצט עס?!

— — — — — — — —
— — — — — — — —

— קלינגען גלאָקן,
רויטע קלאַנגען.

— — — — — — — —
— — — — — — — —

— זיי באַגייסטערן, באַפליגלען.
— אַ, ווי שיין...
— ווי שיין.

— — — — — — — —
— — — — — — — —

— פרינא. פרינא...
פרייע - פרינא...
— אַ ליכטיקער טרוים.

— — — — — — — —

— פרינא...
פרייע - פרינא...

— — — — — — — —

זי טאַנצט און שווימט צווישן און איבער זיי און ווערט לאַנגזאַם צישווימען און צינאַנגען, ווי אַ בלויער נעבעל, ווי אַ ווייסער שניי, וואָס ווערט ציגאַנגען אונטער די שמייכלען פון די זון שטראַלן...

שטיל... שטיל...

עס טאָגט.

## „גלאָסן“

אויף דער באַנק אין אונבאַוועגלאַכער זיצט דער פּעסימיסט.
שעפּטשעט שטיל:

— ווער בין איך.
וואָס בין איך.

— וואָס לעב איך.

וואָס שטרעב איך...
— — — — — —

שטיל. שטיל. שטיל...
— — — — — — —

עס טאָגט.
— — — — — — —

ע. נ. ד. ע.




מאַי 1925. שיקאַגאָ.